




# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

№ 7

מינסק

# א י נ ה אַ ל ט:

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

מינסק, יול 1929. — פֿינפֿטער יאָרגאַנג. — № 7.

ל. קוויטקאָ.

## ליד צו מיין לערער.

גערעדנקסטו נאָך עפּשער אַ זומער־„שאַבאַש“.
ניקאָלאַיעווער האַפֿן, די שטאַל באַם קאָנטאָר.
אַ יינגל א קליינס מיט אַ פענימל—אַש,
צעדרייט און פֿאַרשעמט באַ דער זייט פֿונם ראַש,
אַ יינגל, וואס טראגט אין די ביינדלעך די דאַר.

דו ביסט געשטאַנען אין ריי נאָך דיין לוין,
אַ געלע סטראַשידלע—דיין לאַנגער געשטאַלט.
ביסט צוגאַן צום יינגל:
„וואָס קרעכצסטו, פֿאַרשוין?“
— צען שאָ געאַרבעט און האַלב מיין געהאַלט.

סע האָט דיך באַם האַרצן פֿאַרקאָכט, האָסטו האַרט
אַ ברום געטאָן: „כעוורע“!—אַריין אין ביוראָ.
סע זענען די „שעפֿן“ געבליבן פֿאַרשטאַרט,
סע האָבן די „שעפֿן“ די אויגן געשאַרפֿט,
און דו האָסט צערודערט די גאַל בין דנאָ.

איך האָב פֿאַרגעדענקט יענעם וואונדער־„שאַבאַש“.
דיין דאַרער געשטאַלט און דיין וואָרט ווי אַ סוק,
דיין מונטערער אָנגריף, דיין גרויזאַמער קוק—
זיי האָבן באַלויכטן מיין פענימל—אַש.

דו האָסט מיך גערופֿן אין טיי־הויז „קיטאַי“,
מיט ברוינער ציקאָריע און בייגל געקוויקט.
באַ טישן געשניצטע מיט ווילד־שניצעריי
האָסטו דאָרט גערעדט וועגן בונטן און מאַי,
און שטיל אַפֿן אויער—פֿון וואונדערלעך גליק.

איך האָב עס צום ערשט אין מיין לעבן דערוווּסט,
צום ערשטן דערהערט—האָט זיך גלויבן געגלוסט,
אַ שטאָלענע שייד איז מיין אָרעמע ברוסט:—
אַ בלאַנקענדע שווערד קען אַ פּאָך טאָן פֿון שייד!—
כ'האָב גלויבן געגאַרט אין די ליכטיקע רייד...

# כויוועס.

ביִן קיינמאָל איִן קײַן כויוועס
ניִט געווען אַזוי פֿאַרבאָדן,
אויסטערליִשע כויוועס און דריִבנע מיִנק.
מײַן טיש איִז אָן פּאַטראָוועס,
מײַן קאָפּ—מיִט וואָך געלאָדן,—
גענוג פֿאר מיִר אַן אָרעם שטיִקל מיִלך.

הויל און בלויז
ביִן איִך ניִט הער געקומען.
צוריִק וועל איך זיך אומקערן
הויל און בלויז.
כ׳האָב אָפּגעגעבן שוין
די יונגשאַפֿט פֿון מײַן פּאָניִם,
געשענקט דעם דאָר מײַן ליִד,
מיין וויִלדע רויז.

נאָר לייג איִך צו צו דרערד דעם אויער,
דאַכט זיִך מיִר די ערד, זי מאָנט.
און יעדער קיִנדער-בליִק,
און יעדער שטיין פֿון מויער,
און יעדער טאָג, וואָס בויגט זיִך אָפּ צום האָריִזאָנט.

אַז מײַן פֿאַרמעג איִז ס׳כאַקל גאָרניִט,
און מײַן באַגער איז ערדיִש און געדולדיִק.
דעריִבער איִז מיִר שווער,
איִר זאָגט:
ביִן יעדן שולדיִק,
איִז וועל איִך פּרווון צאָלן,—
מאָנט!

ה. אָרלאַנד.

# באַ די קליינע יאַרן*).

אַווראָם סלאָוועשנער, אַז ער רעדט—פּאָכקעט ער מיט אַ ביַיטש: יעדער וואָרט מאַכט אַ ווינט; ער האַלט אין איין בלאָזן פון זיך „וואָוון" און „פייען".

— כאַוויירים,—איז אַווראָם געלאָפן פון איין רעדל אַרבעטער צום צווייטן—ווער וואָלט וועלן קיין ראַדאָוויל פאָרן? הייַנט גאַנצפרי איז דער קאָמיוּגיסט, דער אָורוצקי, אַוועק אין ראַדאָוויל: מע דאַרף פאָרן, וויסן, וואָס וועט ער פאָנפען מיטן אינזשענער פון אונדז...

די קאַנאַלן זיַינען געגאַנגען כאָדאָראָם: די באַזאַרער יידן האָבן זיך צעבונטעוועט און אַף דער אַרבעט ניט אַרויסגעגאַנגען. נאָכעם-בער באַזאַרער איז געשטאַנען באַ די קאָראָס-טענער פּיקעטן און איַינגעטיַיגעט מיט לייווי שלימעס:

— רעב לייווי, קומט צו אונדז אין פאַלאַטקע, איר זיַינט פאָרט אַן עלטערער מענטש און גיט אַ קוק מיט אַיַיערע אייגענע אויגן,—שמאַיע אונדזערער ליגט אין איין היץ, ברענט ווי אַ סרייפע, און אַז שמאַיע ליגט וויל אוילעם פון די געלעגערס זיך ניט רירן.

קיינער פון די קאָראָסטענער האָט דעם קאָפּ ניט אופגעהויבן. זיי זיַינען געשטאַנען אין קאַנאַל און געאַרבעט גיך, ווי מע וואָלט זיי מיט שטעקנס געטריבן, אַריַינגעשטאָכן די לאָפּעטעס ביז די הילצערנע הענטלעך און זיך אונטערגעריסן, וואַרפנדיק שווערע הרודעס ערד. אַווראָם סלאָוועשנער האָט ניט געלאָזט ריידן נאָכעם-בערן, ער איז אַריַינגעשפרונגען צו די קאָראָסטענער און געטאָפּטשעט אַ באָרוועסער אין דער בלאָטע.

— א סוואָרע,—האָט ער געפּיַיפט דורך די שיטערע ציין,—פּראָוויאַנט וועלן מיר אַף וועטשערע האָבן אַ פּיַיג. אַ, דאָס איז אוורוצקי געפאָרן קיין ראַדאָוויל... און דער פיבער איז אַ ווערטעלע? באַזאַר איז שלאַף, סלאָוועשנע איז שלאַף, און איר וועט אויך פאַלן פון די פיס...

נאָכעם-בער האָט געזוכט עמיצן, פאַר וועמען זיך צו פאַרענטפערן און אַראָפּנעמען פון באַזאַר דאָס אַכראַיעס. ער האָט אָפּגעשטעלט גאָדלען, וואָס איז אונטערגעקומען אַ קרעכצנדיקער מיט די עמער וואַסער:

— גאָדל, מיר ווילן דען ניט אַרבעטן? נאָר אַז שמאַיע לייגט זיך אַוועק מיט פּער-ציק גראַד, דאַרף מען זיך האָבן אַ האַרץ פון אַ טאָטער... ביסט זיך פאָרט אַ יונגערמאַן, קום אַריַין צו אונדז אין פאַלאַטקע און טו אַ קוק מיט די אייגענע אויגן.

אַ יונג איז צוגעלאָפן צום קאַנאַל אַ פאַרסאָפּעטער, אַ דערשראָקענער. ער האָט זיך געשטעלט באַם ראַנד קאַנאַל, איַינגענומען דעם בויך, ווי ער נעמט זיך אונטער איבער-שפרינגען די ברייטע באַטאַרייע, און אַ געשריי געטאָן:

— קומט אין פאַלאַטקע, יאָסי הויקער איז באַ די לעצטע מינוטן!

אין קאַנאַל האָט איינער געהאַט פאַרקערעוועט אַ וועסערל אין אַ ראָוטשיק אַריַין, דאָס וואַסער האָט אַ פריילעכן פלייץ געטאָן, אַ זשומע, און זיך צעבורטשעט.

מאַריינע האָט אַוועקגעוואָרפן זיַין לאָפּעטע אין וואַסער און א מאך געגעבן מיט דער האַנט פאַרקלעמט:

— געוואַלד!...

---

*) פון ראָמאַן „הרעבליעס".

נאָך מאַריינען האָבן די איבעריקע קאָראָסטענער גענומען וואַרפן זייערע לאָפּעטעס; מע האָט זיי ניט געוואָרפן, זיי זיַינען אַליין פון די הענט אַרויסגעפאַלן, ווי זונרויז-שטענגלעך אין אַ שטורעם. קיינער האָט קיַין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, שוויַיגנדיקע האָט מען אָנגעהויבן אַרויסקריכן פונם קאַנאַל. אַווראָם סלאָוועשנער איז אַ צעיאָצטער אַוועקגעלאָפן מיט דער בסורע צו די וויַיטע פיקעטן. גאָדל האָט פאַר איבעראַשונג אויסגעגאָסןביידע עמער וואַסער, איינעם נאָכן אַנדערן, און פאַמעלעך אַוועקגעשפאַנט צו דער גרויסער פאַלאַטקע זיך געזעגענען מיטן פאָטער.

לייווי שלימעס האָט געגלעט זיַין וויַיסע באָרד, ווי ער וואָלט זי איַינשטילן, און גע־דרייט דעם קאָפּ אין די זיַיטן.

— נאָר אַ פליע איז עס,—האָט לייווי גערעדט צו זיך אַליין—וואָס איז עפעס אינ־מיטן-פלוצים הייַנט גאַנצפרי אוורוצקי אַוועק קיַין ראַדאָוויל? ער האָט שוין, אַפּאָנים, גע־ווּוסט, אַז יאָסי הויקער איז פאַרביַי.

מאַריינע האָט ביידע הענט אַרונטערגעשטופּט אונטערן היטל און זיך געקראַצט אין קאָפּ. די נאָז איז אים געוואָרן בלאָ, און אַרום די אויגן האָבן זיך אים אויסגעלייגט קרוינ־דעלעך קנייטשן:

— עי קינ-דערלעך, איז בי-טער!...

דאָס יונגוואַרג איז געזעסן אויסגעזעצט באָם ראַנד קאַנאַל און געגראָבן מיט די באָרוועסע פיס גריבעלעך אין דער פריש-אָנגעשאָטענער ערד. מע איז געווען פאַרטאָן אין דערדאָזיקער אַרבעט, גליַיך זי גייט זיי אין לעבן. באַ אַלעמען זיַינען די אויערן געווען אָנגעשפיצט, געכאַפּט יעדער ריגעווע פון די עלטערע.

מאַריינע:

— איז אומזיסט געווען די מוטשענישע, האַ?

מע האָט ניט גערעדט דערפון, נאָר מע האָט געוווּסט, אַז מער אין קאַנאַל גייט מען ניט. אַז—אַן עק! מען איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און ס'האָט גענומען באַנק צו טאָן עפעס, ס'האָט עפעס געשראָקן.

— אַזאַ שפּיק קאַנאל שוין אָפּגעמאַכט...

— פיסעם מיט ראָמסעס געבאָוועט...

— אַ יעש!

— אַז מע נעמט זיך באַטראַכטן, איז דאָס לעבן ניט ניכע...

דאָס יונגוואַרג האָט געשווינדער גענומען גראָבן די גריבעלעך אינם ווייכן אָנשיט. מע איז געזעסן געפּלעפּט און דערשלאָגן. איינער האָט אָפּגעריסן דעם קאָפּ און הייזעריק זיך אָנגערופן צו מאַריינען:

— און מיט אונדז וואָס וועט זיין?

פון די וויטע פיקעטן זיַינען איינציקוויַיז צוגעקומען אַרבעטער. מע איז געגאַנגען מיט דער לאָנקע, שטיל-שמועסנדיקע, ווי נאָך אַ לעוואַיע, אָפּגעברענטע, פאַרכוישעכטע, מיט די לאָפּעטעס אף די פּלייצעס.

אַווראָם סלאָוועשנער האָט פאַרלייגט די הענט אַפן הינטן און געשפּאַנט הין און צו־ריק. ער האָט געפּאָכקעט מיט ווערטער:

— פאַרפאַלן די קו מיטן שטריקל... איך האָב אָבער געוווּסט פאָרפריער...

נאָכעם-בער איז אָנגעקומען פון דער באַזאַרער פאַלאַטקע. ער האָט זיך געזעצט לעבן מאַריינען מיט די פיס אונטער זיך, זיך געזעצט, ווי מע זעצט זיך שיווע נאָך אַן אַלטן טאַטן, וואָס מע האָט זיך שוין לאַנג געריכט אַף זיַין טויט.

— איך האָב דערציילט שמאַיען, שרייט שמאַיע, אַז מע זאָל זיך ניט דערוועגן אַוועקגיין פון די קאַנאַלן, ער וועט פּלעטן דעם קאָפּ. נאָר ער רעדט, אַפּאָנים, פון היץ, נעבעך, שמאַיע...

קריס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונם הײַפֿל יונגוואַרג, ווו ער איז געזעסן אַ כמורנער, אַ שווײַגנדיקער און צוגעגאַנגען צו די עלטערע.

— כאַווײרים,—האָט קריס אָנגעהויבן מיט אַ מיטינג-טאָן,—מיר האַלטן...

דאָס יונגוואַרג האָט אויפֿגעהערט גראָבן גריבלעך מיט די פֿיס. זיי האָבן זיך אַלע אויפֿגעהויבן און געעפֿנט די מײַלער,—וואָס וועט קריס זאָגן? פֿאַרלאָרנקײַט האָט פֿאַרשאַרפֿט די נעזער פֿון די יונגען, פֿון די אויגן האָט געשלאָגן אָנגעשטרענגטער נײַגיר. זיי זײַנען געווען צופֿיל שלאַבעריק אַף צו רירן מיט אַ געדאַנק, אַף צו באַנעמען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. עס האָט זיי פֿאַרטויבט דאָס געשעענע און מען איז געווען מאַט זעלבסט אַ קלער צו טאָן.

דער מיטינג-טאָן, מיט וועלכן קריס האָט גענומען ריידן, האָט עפּעס ניט געפּאַסט צו דער שווײַגעניש פֿונם זיצנדיקן אוילעם. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, קריס, אַף די פֿאַרמאָרעשכוירעטע אַרבעטער און גענומען ריידן געפֿאַלענער:

— מיר האַלטן, אַז די יונגע וועלן ניט אַוועקגיין. טוט מיט אונדז וואָס איר ווילט...

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום יונגוואַרג און אויסגעצויגן ניט דרייסט:

— איאָ, כעוו-רע?

אַ שטומער פֿרעג מיט די אויגן האָט אַ בלאָנדזשע געטאָן פֿון איין באָכער צום צווייטן. דער לעצטער יאַט באַם ראַנד קאַנאַל האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ:

— יאָ!

ס'איז קלאָר ווי דער טאָג: די יונגע, אַלע ביז איינעם, האָבן אַזוי געהאַלטן, זיי נעמען און קריכן ש ו י ן צוריק אין דער באַטאַרייע.

— ווער האָט דען געזאָגט, אַז מיר גייען אַוועק?

— מיר פֿון די קאַנאַלן רירן זיך ניט.

— מירן איבערקומען אַזוי שיין ווי גאָלד...

— אַוועקגיין פֿון אַרבעט—דאַרף מען זײַן פֿריש און געזונט און מעשוגע.

— מיר זיינען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער ארבעט אונדזערער, צי ניין?

— און א י ך גיי...

— אינדערערד מיטן קאָפּ!

— כעוורע, אין די קאַנאַלן! נאָך מיר! ראַז!...

קריס איז געשטאַנען אַפֿן אָנשיט, מיט דער פּלייצע צו די עלטערע אַרבעטער, און פֿאַרזיכטיק זיך גענומען אַראָפּלאָזן אין דער באַטאַרייע.

צווישן די אַרבעטער איז געוואָרן אַ טומל. מע האָט געשריגן און איבערגעשריען איינער דעם צווייטן. אַלע האָבן גערויכערט,—ס'האָט זיך גערויכט, אַז דער גאַנצער אוילעם שטייט אַף אַ רויכערנדיקן שײַטער.

קריס האָט זיך אָבער אין דער באַטאַרייע ניט אַראָפּגעלאָזט. ס'האָט אים פֿאַרהאַלטן אַ פּלוצימדיקער קוויטש, אַ טויבער פֿרויען-יאָמער און אַ האָלדערײַ, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון די נאָענטע קוסטן. קריס איז געבליבן שטיין אַ געליימטער. די איבעריקע זײַנען אויפֿגעשפּרונגען און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן. אַ פֿאַרשטיקטער געמורמל האָט אַ וויייע געטאָן,—מע האָט שוין געוווּסט:

— קאָראַסטענער ווײַבער זײַנען געקומען נאָך די מענער, נאָך די קינדער...

— ניין, ס'גייען גאָר סלאָוועשנער ווײַבער...

נאָכעם-בער האָט פֿאַרלייגט אַ האַנט אַפֿן שטערן און זיך אײַנגעקוקט אין די פֿילדערנדיקע פֿרויען, וואָס זײַנען שוין אַרויס פֿונם וואַלד און געלאָפֿן גיך צו די קאַנאַלן. ער האָט די האַנט אַ רוק געטאָן אַף די אויגן און זיי פֿאַרשטעלט.

— יידן! — האָט נאָכעם-בער אַ קרעכץ געטאָן — ס'אונדזערע ווײַבער, ס'באַזאַרער ווײַבער...

ס׳האָט אָנגעהויבן קאָכן צווישן די אַרבעטער. עמיצן איז אַרויס אַ פֿאַרב אויף די באַקן, אַנדערע האָבן זיך אומגעקוקט איינס אויפֿן צווייטן מיט פֿרעגנדיקע, גאָרניט־פֿאַרשטייענדיקע אויגן. מאַריינע איז שוין צוריק געזעסן אויפֿן גראָז, אָפּגעטעמט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ס׳וואָלט געפּאַסט, אַז אונדזערע נאָך זאָלן קומען...

די ווײַבער זײַנען שוין נאָענט בײַ די קאַנאַלן. אַ צען ווײַבער, מיט אויפֿגעבונדענע שאַלעכלעך אויף די קעפּ, מיט צעשפּיליעטע פֿאַרשטויבטע איבערשטן און לאַנגע בונדעס. זיי זײַנען געלאָפֿן מיט אָפֿענע מײַלער, און לויפֿנדיק געבראָכן די הענט:

— איך זע ניט מײַן מאַן!

— מע האָט זיי נישקאָשע פֿאַרפּירט...

— מײַן פּיניע, ווי איז מיר...

— נאָכעם־בערעניו, טאַטע!

— שוין! פּאָטער... אַלע אויסגעשטאָרבן... דאָ שטייען גאָיִם...

די ווײַבער זײַנען צוגעקומען ביז דער באַטאַרייע און גענומען זיך וואַרפֿן אין די זײַטן—ווי קומט מען אַריבער דעם קאַנאַל? איינע אַ פּולבלעכע פֿרוי איז געשטאַנען בײַם אָנשיט אויף די שפּיץ פֿינגער, געדרייט מיטן קאָפּ און געניִשטערט מיט די אויגן:

— שמאַיען, איך זע ניט שמאַיען...

אַ לאַנגע ייִדענע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזט טיכל ביז די אויגן, האָט זיך געקלאַפּט מיט די הענט אין האַרצן:

— אָ וויסט איז מיר! שוין! איך האָב שוין אָנגעוואָרן מײַן פּיניען...—זי האָט גע־נומען זינגען מיט אַ ניגן, ווי מע באַוויינט אַ טויטן—אַזאַ ליב־טיקער פּי־ניע!...

פֿון צווישן די אַרבעטער האָט זיך אַ קליין מענטשעלע געשטופּט צום קאַנאַל. ער ער האָט אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט זיך אויפֿן צעכראַסטעטן האַרץ און געשריִען צו די ווײַבער:

— מאַלקע, צעלייג זיך ניט—אָט בין איך!

דער זאָג פֿונם קליינעם מענטשעלע איז געווען ווי אַ צייכן פֿאַר אַלע אַרבעטער, אַז זיי מעגן שוין רײדן. מע האָט זיך אַלע אַ רוק געטאָן צום ראַנד־קאַנאַל און אויסגעשאָסן מיטאַמאָל:

— ווײַבער וואָס זיינט איר געקומען?

— מע וועט זיך באַגיין אָן אײַך אויך.

— נאָר א י ר פֿעלט אונדז דאָ...

דאָס ווײַבל, וואָס האָט געזוכט שמאַיען, האָט אָפּגעשטופּט די אַרומיקע ווײַבער, זיך געשטעלט אויפֿן אָנשיט און גענומען שרײַען איבער דער באַטאַרייע אויף אַ קאָל, ווי ביזן צווייטן ראַנד־קאַנאַל וואָלט געווען אַ שטרעקע כאָטש פֿון אַ וויאָרסט:

— ווײ די יאָרן, באַזאַר וויגט זיך... אַלע טאָג קומען אָן פֿונדאַנען קראַנקע, אַלע טאָג קראַנקע, ווי פֿון דער מילכאָמע... אַ דונער האָט מיך געטראָפֿן—ווו איז מײַן שמאַיע?... מיר זײַנען שוין געלאָפֿן אין ספּאָלקאָם, בײַם פֿינאַנספּעקטער די טירן אָפּגעשלאָגן—זי האָט אַ קוויטשע געטאָן:—ייִדן, וואָס פֿאַרלייקנט איר? ווײַזט מיר מײַן שמאַיען, מײַן ברויטגע־בער...—מיט אַ ניגן:—אינדערערד אַרײַן איז ער געלאָפֿן, געבן אַ שטיקל ברויט דער ווײַב מיט די קינ־דער...

אַ צווייטע ייִדענע האָט זיך געשטעלט אין פֿראָנט:

— אַ שלאַק האָט מיך געטראָפֿן—אין באַזאַר זאָגט מען, אַז איר זײַנט שוין אַלע אויסגעשטאָרבן...

די פּולבלעכע פֿרוי האָט זיך ווידער אַ ריס געטאָן:

— אַ צאָרע איז מיר געשען! מײַן שמאַיע האָט זיך געפֿעלט...

אַ ריִרעוודיק, טרוקן ווײַבל האָט זיך געוואָלט נאָר אַרײַנוואַרפֿן אין קאַנאַל אַרײַן:

— לאָזט מיך! איכל זיך אַ מײַסע אָנטאָן, איכל זיך טרינקען!—און צעצויגן:—איך וועל גאָרניט איבערטראָגן...

צווישן דיִ אַרבעטער האָט זיִך גערודערט. מע האָט אַלע גערעדט איִנײנעם, ס'איִז געשטאַנען אַ ראַש אַף טויב צו ווערן.

— וואָס זאָגסטו אַפֿן אָנשיִקעניִש?

— לויף גיִכער נאָך שמאַיען...

— מע דאַרף זיי אַריִבערנעמען אַהערצו, דיִ ווײַבער.

פֿון דער צווייטער זײַט האָט מען צוגעהאַלטן דאָס טרוקענע ווײַבל. מע איִז געווען צעמיִשט, מע האָט געקוויִטשעט און געגוואַלטעוועט:

— סאָרע-באַסיע, גאָט איִז מיִט דיִר, סאָרע-באַסיע!

— פֿאַרגעס ניִט, סאָרע-באַסעניו, אַז דו האָסט קלײנע קיִנדער...

באַ אײנער אַ טראָגעדיִקער ייִדענע האָט זיִך דער פּאָניִם געמיִנעט, זיִ האָט געהאַלטן אָפֿן דאָס מויל און ניִט געקאָנט קײַן אָטעם טאָן. דערשראָקן געקוקט איִן דיִ זײַטן און געבעטן מיִט דיִ אויגן, אַז מע זאָל איִר העלפֿן אַן אָטעם טאָן. טרערן, גרויסע, פֿולע טרערן האָבן איִר גערונען אַף דיִ טונקעלע פֿלעקן פֿון דיִ אײַנגעפֿאַלענע באַקן.

באַ דער לאַנגער ייִדענע האָט דאָס טיִכל זיִך שוין אַראָפּגעלאָזט איִבער דיִ אויגן. זיִ איִז געשטאַנען פֿון אײן זײַט באַטאַרייע און געמאַכט מיִט דיִ הענט צום קלײנעם ייִדעלע, וואָס איִז געשטאַנען פֿון דער צווייטער זײַט און געהאַלטן אַ האַנט אַפֿן צעכראַסטעטן האַרצן:

— אויסקאָרעניִען זאָל דיִך גאָטעניו! אַז ווער האָט דיִך געשיִקט איִן דער באַגרעבעניִש? איִך זאָל דיִך באַגראָבן, איִך זאָל דיִ ווערט זײַן, גאָטעניו, דיִך באַגראָבן, פֿאָטער געטרײַער...

אַ וויִנטל האָט געצויגן פֿון צאָפֿן אַף דאָרעם. אַן עסעריִק וויִנטל. ס'האָט געבלאָזן אַ צוגלופֿט איִן קאַנאַל און געקנייטשט דאָס וואַסער פֿונם שמאָל ריִטשקעלע. דאָס טראָגנדיִקע ווײַבל האָט טאַקע דעם אָטעם ניִט געכאַפּט, זיִ איִז געפֿאַלן אַפֿן אײַנגעטראָטענעם אָנשיִט און געקרייט, ווי אַן איִבעגעפֿיִרטע הון.

— כעוורע, מיִר ווילן דאָ אַליין גאָרניִט מאַכן, איִך לויף קײַן לוטשיִנקע און דיִנג אַ פֿור צו גאָרענען און צו אָורוצקיִן.

— קריִס, דעריִקער—אָורוצקיִ! אַן אָורוצקיִן זאָלסטו גאָרניִט קומען.

— וואַרט צו, איִך פֿאָר אויך.—מאַריינע איִז אַפֿגיִך אַוועקגעלאָפֿן איִן דער קאָראָסטענער פּאַלאַטקע נאָך דיִ שטיִוול זײַנע.

---

באַ דער באַזאַרער פּאַלאַטקע זײַנען געזעסן דיִ אַרבעטער אויסגעזועצט אַפֿן גראָז און געפּיִלדערט. מע איִז שוין אַלע הייזעריִק פֿון דיִ רייד און פֿון דיִ טײַנעס: דיִ קאָראָסטענער האָבן זיִך באַטראַכט, דיִ עלטערע שוין אויך—זיי בלײַבן דאָ...

אַוראָם סלאָוועשנער איִז געזעסן איִן מיִטן רעדל ווײַבער און געשריִען העכער פֿון אַלעמען:

— וואָדען-וואָ? סלאָוועשנע פֿאָרט אויך פֿוּגדאַנען. דיִ געלטן, וואָס מיִר פֿאַרדיִנען? אַלציינס מאָטיע-פּאַרך,—נאָכן פֿיִניִנספּעקטאָר בלײַבט פֿאָרט עפּעס-וואָס... און אַז ס'הויבט זיִך פֿעל, ווערט פֿריילעכער צו פֿאַרקויפֿן, און אַז ס'פֿאַלט פֿעל, קויפֿסטו וועלוועלער... דאָ גלײַכט אונדז דער איִנזשענער צו דיִ קאַצאַפּעס גאָר. אַזאַ ווערעמדיִקער...

דיִ ווײַבער איִז גריִנגער אַפֿן האַרצן. זיי האָבן זייערס געפּויעלט: דיִ באַזאַרער פֿאָרן אַהיים. שמאַיע זיִצט אַ בלייכער, אַן אָפּגעצערטער, און וויל קײַן וואָרט ניִט ענטפֿערן דער פֿולבלעכער פֿרוי, וואָס דרייט זיִך אַרום איִם און איִז איִם געטרײַ. זיִ לאָזט איִם ניִט עטעמען:

— שמאַיע, דעם האַלדז פֿאַרביִנד!

— הוסט זיִך אויס, שמאַיע... אָט אַזוי!

לײוויִ שלימעס קומט נאָר וואָס אָן פון יאָסין.

— באָרעכאַשעם,—פאַרגלאַנצט לײוויִ די אויגן צום הימל.—ס׳איז אים שוין גרינגער. ער האָט מיך דערקענט... אַ כאַריפּעס פון אַ ייִדן—ער הייסט מיר שיקן נאָך ליכט, יאָרצײַט האָט ער נאָך אַ כאַנען,—זעט אויס, נאָך דער ווײַב.—ער האָט זיך אַ וויש געטאָן די הענט אינם שטויביקן גראָז און צוגעגעבן:—פאָרט אַ ייִדישע נעשאָמע...

דאָס קאָראָסטענער יונגוואַרג קלעפּט אַרום די סלאָוועשנער. זיי עסן זיך אָפּ דאָס האַרץ:

— וואָס הערט איר אײַער אַוורעאָמען? ער איז אַן אַלטער ספּעקוליאַנט אײַער אַוורעאָם. בלײַבט דאָ! קריס איז דען ניט גערעכט? מיר זײַנען שוין באַלד אַריבער די זומפּן, איצט גייט אַ קאַנאַל, ווי אַ פידעלע—טאָרף גייט... מירן אָפּפאַרדינען פאַר איצטיקער צײַט אויך. אין אַ כוידעש אַנדערהאַלבן אַרום קומען מיר צו מיטן קאַנאַל ביז ראַדאָוויל...

גאָדל דרייט זיך אום אַ פאַרמויעכטער. ער שטעלט זיך אַלע מאָל אָפּ בײַ אַן אַנדער קופּקעלע אַרבעטער, היצט זיך, און דאָס דאַרע גערגעלע מיטן קנאָפּ שפּרינגט אַרויף און אַראָפּ.

— מיר דאַרפן זיך האַלטן איינס. מיר זײַנען אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, און אַלע אַרבעטער דאַרפן זיך האַלטן איינס. די באַזאַרער און די סלאָוועשנער גייען אַוועק פון די קאַנאַלן, דאַרפן מיר אויך אַוועקגיין. יעדערער דאַרף קומען צו זיך אין שטעטל און פּראָטעסטירן—מע האָט אונדז עקספּלואַטירט, ווי די לעצטע... אַכדעס באַדאַרף זײַן בײַ אונדז! אויסלאַנד, יעוראָפּע און אַמעריקע דאַרף קלינגען, אַז דרײַ הונדערט ייִדן האָבן בײַ דער אַרבעט פאַרשטרײַקט... די ייִדסעקן זײַנען ניט די פאָרשטייער פונם ייִדישן פאָלק... און גאָרן איז בעפּײרעש אַ ייִדסעק!

— ווער האַלט דיך דאָ, גאָדל?

— אַז מע האָט אײַך פאַרבלענדט, משטיינס געזאָגט. מיר דאַרפן פאַרשטרײַקן און פּראָטעסטירן!

— גאָדל, איך האָב זיך דערמאָנט—וואָס ביסטו עפּעס נעכטן געלאָפן צו ניאַכען? אַוורעאָם סלאָוועשנער:

— איך וואָרן אײַך, ייִדן, אַז איר וועט דאָ גאָר-גאָר מיעס אָפּשנײַדן...

— און מ י ר בלײַבן! האָסטו געזען אַ צוצעפּעניש?

— ייִדן, בלײַבט! בלײַבט, ייִדן—מיר זײַנען שוין דאָס שווערסטע איבערגעקומען.

— גאַנץ קאָראָסטען בלײַבט. מיר זײַנען ניט קיין ייִנגעלעך.

— אָוורוטש בלײַבט אויך. הײַנטיקער טאָג איז כאָלילע קיינער ניט פאַרשלאָפט געוואָרן.

— ווײַל מיר האָבן ניט געאַרבעט. אָ דאָס טײַנע איך דאָך די גאַנצע צײַט...

— ניין, ס׳הויבט זיך ניט אָן,—ווײַל מיר האָבן שוין אויסגעפּעלט דעם לעצטן זומפּ.

— אָבער, אַז דער פיבער איז גאָרניט פון די זומפּן, ער נעמט זיך פונם וואַלד...

די ווײַבער זײַנען געזעסן גוטמוטיק, אופגעלייגט, ווי נאָך אַ גוטן יעריד. זיי זײַנען שוין מיט זייערע מאַנען באַוואָרנט, פילדערן זיי צווישן די קאָראָסטענער:

— פאָלגט אונדז, די ווײַבער, און פאָרט אַהיים. מאָלט אײַך, ס׳איז מאָלע טאַם אינדערהיים צו זײַן, מע זאָל אָבער באַהיט ווערן—דאָ שפּילט מען זיך מיטן לעבן.

— טוט אַ קוק אַף מײַנעם—אויסגעדייוורט געוואָרן, אײַנגעטריקנט ווי אַ שפּענדל.

— די קנאָכן בײַ מײַן פיניען...

— און אין די פאַלאַטקעס. ווי די סאָלדאַטן...

די קאָראָסטענער האָבן געזאָטן טשײַניקעס טיי—זיי כאַפּן עפּעס איבער און שטעלן זיך צו דער אַרבעט. לײוויִ שלימעס האָט געציילט דעם אוילעם, וואָס בלײַבט איבער: ניט איינס, ניט צוויי, ניט דרײַ... האָבן מיר אַלע קאָראָסטענער, האָבן מיר צען אָוורוטשער, האָבן מיר צוויי סלאָוועשנער און איינעם אַ זשיוועטעווער...—דער בלייכער יונגערמאַן פונם ווײַטן כאָרעווען שטעטל זשיוועטעוו האָט זיך געהאַט גערעכנט פון דער אָוו-

רוטשער קאָלאָניע, נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו שעפּסלען, וואָס האָט געמאַכט אַ נײַ צעטל פֿון אַרבעטער, וואָס בלײַבן באַ די קאַנאַלן, און געבעטן, מע זאָל אים פֿאַרשרײַבן פֿאַר אַ קאָראָסטענער:

— פֿאַרשרײַבט מיך פֿאַר אַ קאָראָסטענער, און נעכײַ וואָלט מען אונדזער שטעטל ניט געווען אויסגעקוילעט, ווי איר האָט אונדז אַלע דאָ...

אַדאַם דער פּאַסטעך האָט דאָ ערגעץ ניט ווײַט געטריבן זײַן טשערעדע. ס'האָט זיך דערטראָגן דאָס פֿײַפֿן פֿון זײַן דודע, פֿאַרטויבט מיטן אומעטיקן ווידערקאָל פֿונם וואַלד. דאָס פֿײַפֿן האָט געלאָשן דעם געפֿילדער אַרום די פּאַלאַטקעס און צעדרייט די רייד. די דודע האָט זיך פֿאַרכלינעט, געשפּילט ווי פֿריילעך וואַסער אַף אַ מילראָד. אַ וועגעלע האָט געטראַכקעט אַף אַ ווײַטן שליאַך.

מע האָט זיך אומגעקוקט, אַז מע האָט גאָר פֿאַרגעסן די שטומע. פֿון גאַנצפֿרי אָן שטייט דאָס שטומע באַזאַרער מיידל אַף אַ פֿאַרנומענעם קלאַפּטער קאַנאַל און האָרעוועט שווער מיט דער לאָפּעטע.

---

העט-העט, איידער ס'האָט זיך נאָך אָנגעהויבן דער גרויסער געפֿילדער פֿון אָ דעם פֿאַרשריגענעם טאָג, די פּאַלאַטקעס זײַנען נאָך מיד געשלאָפֿן און דער גרינגבלעכער שטערנבער האָט זיך גערוקט אָפֿן אויסגעבלייכטן הימל פֿון צאָפֿן אַף מײַרעוו, האָט אָווורוצקי אָוועקגעשמיסן קײַן ראַדאָוויל צו גאָרענען,—ס'איז שוין ניט געווען אויסצוהאַלטן פֿון די סלאָוועשנער.

ווען ניט, אַשטייגער, די סלאָוועשנער. ווי אַ מיזמער איז באַ אָווורוצקין געגאַנגען די אַרבעט אַף זײַנע קאַנאַלן: אַף לוטשינקער דיסטאַנציע איז דער פּיקעטאַזש געווען צעשלאָגן ביזן לעצטן קלאַפּטער, דער באָדן דיפֿערענצירט און די פּרײַז אַ נאָרמירטע.

— ווערסט באַלעבאָס פֿון לוטשינקער טייל קאַנאַלן—האָט גאָרן געזאָגט אָווורוצקין: ווען ער האָט אים די דיסטאַנציע איבערגעגעבן—האָסט צוויי הונדערט צוואַנציק אַרבעטער, קאָנסט אָנעמען ביז דרײַ הונדערט, ווײַל מע דאַרף די אַרבעט פֿאָרסירן. פֿיר דעם טאַבעל פֿון די טאָג-אַרבעטער און פֿאַרשרײַב די קובן באַ די אַרטעלן.—גאָרן האָט פֿאַרמאַכט איין אויג און צוגעגעבן מיט אַ שמייכל:—זאָלסט נאָר קײַן איבעריקע טעג ניט פֿאַרשרײַבן און קײַן געבלאָזענע קובן ניט צושטעלן... איך לאַך, איך לאַך... איך ווייס נאָר, אַז דו שפּילסט אַ ליבע מיט די ייִדישע אַרבעטער... זאָלסטו אַמאָל ניט ווערן מאַכן צו גוט. וועסט באַצאָלן פֿאַר אַ געבלאָזענעם קוב, וועט אָפּגיין אַן עמעסער קוב...—פֿון גאָרנס פּאָנים האָט זיך דער שמייכל אָפּגעווישט:—יעדער קוב קאַנאַל ציט אָפּ דאָס וואַסער פֿון עטלעכע קלאַפּטער לאָנקע; די סמעטע איז אַ באַגרענעצטע, דער גראָשן, וואָס די מעלוכע גיט, איז אַ געציילטער.

אָווורוצקי האָט געשמיסן די כוטערשע פֿערדלעך. געוואָלט פֿאַרשפּאָרן וועג און געלאָזט זיך אַף גלײַך מיטן וואַלד, האָט ער, דאַכט זיך, ערגער געמאַכט—ער קאָן גאָר ניט פּאָטער ווערן פֿון די קוסטן און מוז וואַסערלעך אַרומפֿאָרן. ער וויל נאָך קומען ביז זונאויפֿגאַנג קײַן ראַדאָוויל, זיך דורכריידן מיטן אינזשענער, זיך האַלטן מיט אים אַן אייצע: וואָס טוט מען מיט די סלאָוועשנער?—זיי רײַסן זיך אַהיים און שלעפּן מיט זיך אַ היפּשע פּאַרטיע אַרבעטער.

אַז דער רועך האָט אים געטראָגן פֿאָרן קײַן סלאָוועשנע. געווען קאָנטעט, וואָס גאָרן האָט אים דערלויבט אָנעמען פֿרישע אַכציק אַרבעטער. אָווורוטש האָט זיך געבעטן—זיי ווילן געבן אַלע אַכציק... איז ניין, האָט ער געוואָלט צוציִען צו דער אַרבעט נאָך אַ שטעטל: זאָלן סלאָוועשנער קאַפּצאָנים אויך פֿאַרזוכן אַ זומער-אַרבעט, וועלן זיי זיך שוין אומקערן אַף ווינטער אַהיים און שפּײַען קלעק אַף שטעטלשע שטעלעכלעך, וועלן זיי שוין זוכן מיט

ליכט אַ גראָשן פאַרדינסט פון אייגענער פּראַצע. נו, איז ער אַרײַנגעפאַלן, אָוורוצקי. ער האָט אין סלאָוועשנע אָנגעטראָפן אַף אַ הײַפל ספּעקוליאַנטן, וואָס האָבן אויסגעשטעלט צו פירן מיסכאָרים אין וואַלד, האַנדלען מיט געטריקנטע שוואָמען און מיט דער רויך ווייסט וואָס. און אַז זיי זײַנען געקומען אין וואַלד און זיך אַרומגעקוקט אַף די פאַרבלאָטיקטע פּאַלאַטקעס, האָבן זיי אַנטוישט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און זייער רעדלפירער, אָווראָם דער פּעלהענדלער, האָט אויסגעפּײַפט באַם ערשטן גראָב מיט דער לאָפּעטע: „פאַר-פאַלן! פאַרפאַלן די קו מיטן שטריקל“...

אַ שפּיך בוים איז גלאַנציק געוואָרן און אַ פאַרב געגעבן אַ צווײַג אין ראָזעווין. אַן גרינער שפּין האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פון איין בוים אַפן צווייטן און אויסגעצויגן אַ בורשטינענעם פאָדעם. איינציקע, שווערע טראָפּנס טוי האָבן גענומען אַראָפּקאַפּען פון די בלעטער און זיך געמינעט מיט רעגנבויגן. אַ „שנײַדערל“ האָט זיך ניט אַרומגעקוקט, אַז ס'איז נאָך נאַס דאָס גראָז און דערווײַל אַ טראָסקענדיקן שטעפּ געטאָן.

וואָס קאָן אים גאָרן אייצענען, אָוורוצקין? אויב גאָרן וועט זיך ניט אָנכמורען או אים אָפּזידלען, וועט ער די אונטערשטע ליפּ אונטערציען, אַ שנירעווע טאָן כויזעק-קניי-טשעלעך אַרום די ליפּן און וועט שווײַגן. און וואָס קאָן אים גאָרן, דער צעטראָגענער אינזשענער, אייצענען? די קאָראָסטענער האַלטן זיך דערווײַל שטאַרק, זיי וועלן די אַרבעט ניט פאַרלאָזן. נאָר ווער קאָן פאַר זיי אָרעוו זײַן? גאָדל יאָסי דעם הויקערס וויל אונטע-רײַסן די אַרבעט—ער איז איין קאָמפּאַניע מיט אָווראָם סלאָוועשנער דעם ספּעקוליאַנט, מיט וואָווע כאָמס, וואָס האַנדלט אײַן שטילערהייט שטיקלעך באַ די פּאָלישוקעס, און ניאַ-כע איז דער קאָפּ באַ זיי... ער, אָוורוצקי, האָט די גאַנצע צײַט געלאַכט פון קריסן: קריס טײַנעס, אַז מע דאַרף גאָדלען אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט אַף דרײַ שפּענדלעך, ווייל ד טראָגט זיך עפּעס אַרום מיט אַ פוילער פּראָגראַם. אָבער דאָ אַרבעט ער?—איז זאָל ער זיך האַלטן מיט זײַן „פּראָגראַמע“. איצטער זעט ער שוין, אַז גאָדל איז אַ מיעס באָ-כערל, פירט די גאַנצע צײַט איין ליניע—אַכדעס... זאָל זשע זײַן אַכדעס אַף אַרבעטן, איז ניין—אַכדעס אַף אָוועקגיין, אַוועקגיין און פּראָטעסטירן... קעגן וועמען פּראָטעסטירן? גאָדל רעדט, און ער, אָוורוצקי, פאַרשטייט קײַן איין וואָרט ניט... אָ דאָס איז די מײַסע—טראַכט אָוורוצקי—וואָס ער האָט די רעזאָלוציעס פונם לעצטן קאָמיוג-צוזאַמענפאָר אַפילע אין דער האַנט ניט גענומען.

דאָס פורל דרייט זיך צווישן רויט-אָנגעצונדענע בוימער. אַוואַדע איז מיטן וואַלד ווײַטער קײַן ראַדאָוויל, ווי מיטן שליאַך. די גראָזיקע לאָנקעס האָבן אײַנגעזויגן אין זיך דעם שיטערן לײַלעך נעפּל, און קײַן עק ניט צו די לאָנקעס, און קײַן עק ניט צום וואַלד.

גאָרן וועט אים אויסהערן, רויק אויסהערן אים און אַ פרעג טאָן מיט ביטל: „איז פאַרוואָס זשע פאָרט ווילן אַנטלויפן די עטלעכע צענדליק אַרבעטער?“ גיי דערצייל אים, דעם גרויסשטאָטיקן אינזשענער, די פּסיכאָלאָגיע פון ספּעקוליאַנטן... ער וועט פאַרשנירע-ווען די ליפּן און שמייכלען מיט כויזעק. אָבער ער מוז אים דערציילן—גאָרן איז דאָך באַלעבאָס און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער אַרבעט. עפּשער האָט גאָרן אַן אייצע און עפּשער זאָל ער אַליין צופאָרן אַף לוטשינקער סטאַנציע און פּערזענלעך איבעריידן מיט די שרײַערס—אַפן אינזשענער וועט מען, מעגלעך, מערער אַכט לייגן. ס'איז איצטער מיט סעזאָן, און פרישע אַרבעטער, יידישע, צי רוסישע, איז אומעגלעך צו קריגן... צאַפּן זיך אָפּ די אַרבעטער, וועט לײַדן דער טעמפּ פון דער אַרבעט...

נאָר ער ווייסט, אָוורוצקי, ער ווייסט פאַרפריער—גאָרן וועט אים שמייכלענדיק אַ זאָג טאָן: „כאַווער אָוורוצקי, איר געדענקט, וואָס איך האָב אײַך דערציילט פונם פּאָליט-קאָם פון אונדזער אינסטיטוט?“.

ער איז, אַשטייגער, שולדיק, אַז דעם פּאָליטקאָם פון גאָרנס טעכנאָלאָגישן אינסטי-טוט האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט דאַרשענען און געהאַלטן פאַר די צוקונפטיקע אינזשענערן

אַ רעדע די לענג ווי דער גאָלעס. דער פּאָליטקאָם האָט דיראָזיקע רעדע אָוואַדע אַרויסגעסילעט פֿונם „Азбука коммунизма“, צי פֿון אַן אַנדער פּאָליט-ביכל. פֿאַר אַ נאָוויִנע האָט ער דערציילט די סטודענטן—אַ נײַס אַביסל—אַז אין אַלע בויונג-סמעטעס פֿונם ראַטנלאַנד קירצט מען אָפּט פֿאַרשיידענע רובריקעס, כוּק דער רובריק „אַרבעטלוין“ און „אַרבעטשוק“. גייט אַוועק אַן אַרבעטער—הייסט עס—דער אַרבעטער האָט געליטן איבערן אינזשענער, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל אַוועקגיין, און די בויונג וועט לײַדן איבערן אַוועקגעגאַנגענעם אַרבעטער. כאַווייריִם קומענדיקע אינזשענערן!—האָט דער באַרײַדעוודיקער פּאָליטקאָם פֿאַרענדיקט זײַן לאַנגע רעדע—פֿירט אַף דער בויונג אַ שטרענגע סאָוועטישע ליניע.

ער שמײַסט, אָוורוצקי, די פֿערד אַף אומצוקומען. אויב דער פּאָליטקאָם איז גערעכט, איז ער טאַקע, אָוורוצקי, שולדיק. און דער פּאָליטקאָם איז אַף געוויס גערעכט,—קיינער קאָן ניט לייקענען, אַז ער איז גערעכט. מע דאַרף אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז דער פּאָליטקאָם האָט גערעדט וועגן אינדוסטריעלע אַרבעטער; אים, דעם פּאָליטקאָם, איז געוויס אַפֿן זינען גאָרניט געקומען אַרבעטער פֿונם שטעטל, אַרבעטער פֿון שטעטעלעך...

ער טרײַבט שטאַרק די פֿערד, נאָר איין געדאַנק קאָן ער ניט אָפּטרײַבן:

— אָט צו די קליינשטעטלדיקע אַרבעטער וואָלט דער צוגאַנג באַדאַרפֿט זײַן גאָר-גאָר אַ פֿאָרזיכטיקער, ביז גאָר באַטראַכט און אויסגעהאַלטן. אין אַזאַ-אַ פֿאַל מוז דער אַדמיניסטראַטער נעמען אין באַטראַכט ניט בלויז אַרבעטלוין, ניט בלויז אַרבעטשוק, נאָר אויך די אַוראָמס פֿון די סלאָוועשנעס, די וואָווע כאָמס, די ניאַכעס מיט די זיסע ריידעלעך און די גאָדלס. יאָ,—די גאָדלס. קריס איז גערעכט: אַ פּאָשעטער וואָרעם קאָן אויך זײַן אַ קלאַסנסוינע...

— היי, אַ האָרעלע רעכטער מיטן דישעל—וועסט אַרײַן גלײַך אין קאַנאַל!

ס. זלאָטאָוו האָט צו אים געשריען. זלאָטאָוו איז געשטאַנען מיט אַ רולעטקע אין האַנט און געמאָסטן די ברייט פֿון דער ערשט-דורכגעלייגטער באַטאַרייע אַף ראַדאָווילער דיסטאַנציע.

— אָוורוצקי, האַלט אײַן די פֿערד! וואָס יאָגסטו?

— טפּרררו... ווו איז גאָרן?

— אָן-דאָרטן, בײַ דער הרעבליע. וואָס מאַכן עפּעס גוטס דײַנע אַרבעטער? איר שנײַדט די קובן, ווי די האָלעשקעס, האַ? נאָר מיר דאַכט, מירן אײַך אײַנגיכן דעריאָגן...

אָוורוצקי האָט אים ניט געהערט. ער האָט געשמיסן צו דער הרעבליע, צו גאָרענען, וואָס איז געשטאַנען אַ פֿאַרטראָגענער, אַ פֿאַרהאָרעוועטער בײַם ניוועליר און געקאָמאַנדעוועט מיט אַנדרייע:

— אַנדרייקע, שטעל די לײַסט רעכטס!

— לינקס!

— נעענטער!

— קלאַפּ און פֿאָר ווײַטער!

אין אימפּעט איז אָוורוצקי שיִר ניט אַרופֿגעפֿאָרן אַפֿן ניוועליר. אַראָפּגעשפּרונגען פֿונם וואָגן און אויסגעשטרעקט אַ האַנט דעם פֿאַרכידעשטן גאָרענען:

— ביטער, ברודערקע!

ער האָט ניט געוווּסט פֿון וואָס אָנצוהויבן, האָט ער אָנגעהויבן פֿונם סאָף:

— ניט היינט, איז מאָרגן—די סלאָוועשנער פֿאַרלאָזן דעם קאַנאַל, זיי שלעפּן מיט זיך די אָוורוטשער, און מיט די קאָראָסטענער איז אויך ניט זיכער.

פֿון אָוורוצקיס כאַפּנדיקע רייד האָבן גאָרענען אַ זינק געטאָן טיפֿער די אויגן. ער וויל פֿאַרויכערן, ווייסט ער ניט אין וועלכער קעשענע די פּאַפּיראָסן ליגן. ער האָט צוגערופֿן זלאָטאָוון און אים איבערגעגעבן דעם ניוועליר. אָוורוצקין האָט ער געלאָזט זיך אויס-

ריידן,—פֿאַרקערט, זאָל ער אָנהויבן נאָכאַמאָל פֿונם אָנהויב און איבערכאַזערן, ווי אַזוי איז דאָס אַלעס פֿאָרגעקומען. גאָרן האָט געשלעפּט אָוורוצקין אין כוטער, צו זיך אין קאַנטאָרל.

פֿאָרנדיק קיין ראַדאָוויל, האָט זיך אָוורוצקין מינוטנווייַז געדאַכט, אַז ער שלעפּט אַף זיך איבעריקן פּאַכעד און מאָרעשכוירע, אַז די לאַגע איז גאָרניט אַזוי געפֿערלעך, ווי ער האָט זיך אייַנגערעדט. גאָרנס פֿאַרלאָרנקייַט האָט דאָס לעצטע ביסל מוט אָפּגענומען בייַ אָוורוצקין. עפּעס איז אים געוואָרן ערגער פֿון דעם, וואָס גאָרן שמייכלט ניט, וואָס ער כויזעקט ניט. עס האָט זיך אים געוואָלט דאַכטן, אַז גאָרן האָט אים ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען.

— כאַווער גאָרן, ניט אַלע אַרבעטער—בלויז אַ טייל, אַ פּראָצענט פֿופֿציק, ווילן אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט, און עפּשער נאָך ווייניקער פֿון פֿופֿציק פּראָצענט.

ער מעג שווערן, גאָרן הערט אים גאָרניט. גאָרן גייט פֿאַרטראַכט און רעדט צו זיך אַליין:

— איז די אַרבעט פֿאַרפֿאַלן... ווו נעמט מען אַרבעטער אין מיטן סעזאָן? ערשט היינט געשיקט אַ מענטשן קיין קאַראַסטען, אַז ביז האַרבסט קריך איך אַרויס... נאָר גלאַט לאָז איך עס ניט! אַן אויסוועג איז דאָ, אַפֿילע פֿון אונטער דער ערד...

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן צו אָוורוצקין:

— זאָג נאָר, ברודער, ס'איז ניט צומאָל רעב ניאַכעס אַ שטיקל אַרבעט?

אָוורוצקי האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— אַוואַדע ניאַכעס! ס'איז אַווראָם סלאָוועשנערס, גאָדלס...

אינם קליינעם ראַדאָווילער קאָנטאָרל העגנגט אַ ברודיק איקאָנעלע אונטער דער סטעליע. ס'קוקט אַ פֿאַרטרוקנטער אַלטיטשקער פּונם שוואַרץ-גאָלדענעם רעמעלע אַרויס, קוקט ווי פֿאַרכידעשט אַפֿן קלייַנעדיקן ייִנגל, וואָס האָט מיט ביידע עלנבויגנס זיך אָנגעשפּאַרט אין טישל, אַרייַנגעלייגט דעם קאָפּ אין די דלאָניעס, און דאָס פּאָנים איז אים פֿאַרשטאַרט, אָפּגעצויגן, אַף קויל פֿאַרבערענט.

גאָרן דרייט זיך הין און צוריק און גיט אויף פּלענער אַף פּלענער. העכערן די אַרבעטער די פּרייַזן? זאָגט אָוורוצקי אַליין, אַז ניט פֿון דער פּרייַז האָט זיך עס גענומען—עס ציט זיי אַהיים און מע וועט זיי מיט קיין צוואַנגען ניט אייַנהאַלטן. מע דאַרף נאָר זעען, אַז די וואַקלענדיקע זאָלן בלייַבן, זאָלן זיך ניט איבערגעבן דער פּאַניקע. ס'קאָן ווערן אַ קאַטאַסטראָפֿע; קומט איינער צוריק אין שטעטל, וועט ער אָנהויבן דערציילן ניטגעשטויגן, ניטגעפֿלויגן.

— אָוורוצקי, פֿאַל בייַ זיך ניט אַראָפּ—עפּעס אַן אייצע דאַרף זייַן, מע מוז זי נאָר צוטראַכטן...

אָוורוצקי האָט אויפֿגעריסן דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט אין די זייַטן; ווי ניט קיין היגער. אַן אַקאַציע-בוימל האָט מיט די פֿאָדערשטע ווייַס-צעבליטע צווייַגן אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער. אָוורוצקי האָט אַ ציטער געטאָן.

— איך האַלט,—האָט ער געזאָגט און זיך פֿאַרהיקעט,—איר דאַרפֿט אַליין פֿאָרן צו אונדז... און דער פֿיבער איז נאָך ערגער פֿון די פּאַניקע-מאַכער...

— איך האָב גאָר אַנדערש ניט גערעכנט—איז גאָרענען עפּעס אויפֿגעקומען אין געדאַנק—גוט, נאָך מיטיק פֿאָרן מיר אַף דער ערשטער דיסטאַנציע.

ביז באַטאָג האָט גאָרן צעשלאָגן דעם פּיקעטאַזש אַף אַ פּאָר טעג אַרבעט. ער איז געשטאַנען באַם ניוועליר, ווי אינדערפֿרי, אַ פֿאַרטראָגענער, אַ פֿאַרהאָרעוועטער, און דערציילט אָוורוצקין, אַזוי זיך, אָן אינטערעס, די אויפֿטועכצן זייַנע בייַ ראַדאָווילער הרעבליע:

— זאָג איך זלאָטאָוון,—ביסט אַן אַלטער גראַבער, נאָר דער פּונקטיר איז בייַ דיר ניט קיין ריכטיקער...

זלאָטאָוו האָט זיך אונטערגערוקט, ער האָט עפּעס וואָס צו זאָגן גאָרענען. האַלעמײַ פֿאַרלײקנט מען פֿון אים אַן אַלגעמײנעם אינטערעס? די טשערנאָבילער זײַנע, די כעווריע, האָבן דערשמעקט, אַז אַף לוטשינקער קאַנאַלן האַלט ניט פֿרײלעך, זײַנען זײ אויסער זיך פֿון האַרצווײטיק.

— כאַווער אינזשענער!—האָט זלאָטאָוו געצויגן אַף אַראָפּ זײַנע געלע וואָנצן—פֿאַר-וואָס טישקעוועט איר פֿון אונדז דעם איבערפֿאַל אין לוטשינקי? זאָגט, טאָמער קאָנען מיר אײַך אַרויסהעלפֿן? מירן גײען ביז לעצט אַף ראַטעווען... קאַראַסטענער, אוילעם איז אַ רויער און פּונקט האָבן זײ דאָרטן אָנגעטראָפֿן אַ ביטערן גרונט... דער אינטערעס איז דאָ אַוואַדע ניט קײן קלײנער און מיר קאָנען פֿילנעווען אײַערע קאַראַסטענער מיט אַ צוואַנציק אונגדזע-ריקע כעווריע.

גאָרן האָט מיט דער האַנט אַוועקגעמאַכט:

— כאַווער זלאָטאָוו, דער הימל איז ניט באַ דער ערד און מיר וועלן זיך באַגײן. מע האָט דיך שלעכט אינפֿאָרמירט—פֿון לוטשינקער קאָנאַלן גײט קײן נעפּעש ניט אַוועק. מע דאַרף נאָר אביסל רעגולירן.

ער האָט זיך אויסגעדרײט צו אָורוצקין און האַרטלעך איבערגעכאַזערט:

— אַזוי איז דאָס, אָורוצקי, פֿון לוטשינקער קאַנאַלן גײט קײן נעפּעש ניט אוועק. שטעלסט זיך עס פֿאָר? יאָ, יאָ—שטעל זיך פֿאָר.

אָורוצקי האָט גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט די אויגן ניט געקענט אָפּרײַסן פֿון די טשערנאָבילער, פֿון דער אַרבעט זײערער.

די טשערנאָבילער זײַנען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער קײט און געשניטן מיט ברײטע לאָפּעטעס דעם אויבערשטן פּלאַסט גראָז. זײ האָבן געאַרבעט געלאַסן, פֿעסט, זיכער. איבער די פֿאַרנומענע פּיקעטן האָט זיך געטראָגן אַ ריטמישער שורשע פֿון די לאָפּעטע-שטעך, ווי פֿון אַ מענגע מעכאַנישע רעשעטעס, וואָס זיפּן טרוקענע פּראָסע.

אָורוצקי האָט זיך געטראַכט זײַנס:

— דער פּאָליטקאָם איז גערעכט, און ער, אָורוצקי, איז גערעכט. אַ קאָמפּליצירטע מאַשינעריע איז די אַרבעט פֿון קאָלעקטיוו. און מיט וואָס וועט גאָרן נעמען די קאָראָסטענער?

---

אין וואַלד, אין מיט וועג צווישן ראַדאָוויל און לוטשינקי, האָבן זיך באַגעגנט בײדע פֿורלעך. דאָס לוטשינקער פֿורל, וואָס האָט געיאָגט קײן ראַדאָוויל מיט דער גוטער בשורע פֿונם כאַדאָראָם אַף די קאַנאַלן, האָט אַ קערעווע געטאָן אַף אַ זײַט און זיך אָפּגע-שטעלט.

— גאָרן!—האָט מאַרײנע פֿון דער קעלניע אַ שלײַדער געטאָן צום צווײטן פֿורל— איר פֿאָרט? גוט. איר וועט שוין באַ אונדז ניט טרעפֿן קײן אַרבעטער אַף אַ רעפּוע.— מאַרײנע האָט שווער געפּיכקעט, ווי ער וואָלט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם פֿון לוטשינקי ביז אַהערצו.

אָורוצקי האָט אָפּגעלאָזט די לײצעס. אַראָפּגעשפּרונגען פֿון זײַן וואָגן און אַרוף אָפֿן לוטשינקער פֿורל. ער האָט פֿאַרוואָרפֿן קריסן מיט פֿראַגן:

— וואָס האָט געטראָפֿן? וואָס איז געשען? דערצײל ניכער. מע איז הײַנט אַף דער אַרבעט ניט אַרויסגעגאַנגען?—דאָס פֿאַרברענטקײט איז מיטאַמאָל אַראָפּ פֿון אָורוצקיס פּאָנים. ס'האָט זיך אָנגעזען, ווי אונטער דער דורכזיכטיק-געוואָרענער הויט איז אַ גרינע פֿאַרב געגרונען פֿון בײדע זײַטן שלײפֿן אַראָפּ אין די באַקן.

— נו, קריס, וואָס שווײַגסטו?

קריס האָט אַ דרײ געטאָן מיטן קאָפּ:

— הערסט זיך...—און געוויזן אַף מאַרײנען.

מאַריינע האָט גערעדט צו גאָרענען. גיך־גיך גערעדט, גלײַך מע טרײַבט אים אונטער. ס'האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט אָנגעהויבן ריידן העט פֿריִער, נאָך בײַ ער האָט גאָרענען באַגעגנט, און דאָס האַלט ער אײַנדערמיטן:

— מיר האָבן געמיינט, ער גייט שוין אויס, יאָסי הויקער... האָט באַ אונדז הענט און פֿיס אָפּגענומען. באַ לאָשן שטאַרבן, איז אויס אַרבעט... נאָר איצט איז אים שוין גרינגער... דאָ זײַנען אָנגעקומען די באַזאַרער ווײַבער און אויפֿגעהויבן אַ טאַרעראַם. זיי ווילן, די מאַנען זאָלן שוין מיט זיי פֿאָרן... שטעלט אײַך פֿאָר, וואָס ס'טוט זיך איצטער אין באַזאַר,—מע מיינט דאָרטן, די שאָ זאָל גאָרניט זײַן, אַז ס'איז שוין אַ שאָ נאָך אונדז... און אַוראָם סלאָוועשנער מאַכט קוילעס: אַהיים! אַהיים! איך בעט אײַך—אַ מענטש איז פֿון אײַזן? האָב איך געזאָגט...

מאַריינע האָט געגעבן אַ קוק אַף קריסן מיט אַזאַ פּאָר אויגן, אַז טאָמער וויל אים קריס כאַפּן אין אַ ליגן, וועט ער אים צערײַסן...

— ...האָב איך געזאָגט: אָוורוצקי איז ניטאָ, האָט איר נומער איינס, און נומער צוויי—אָן גאָרענען קאָנען מיר גאָרניט אָנהויבן טאָן, איז לאָמיר לויפֿן נאָך אַ פֿורל און אָוועקשמײַסן קײַן ראַדאָוויל... אַרבעטן הײַנט האָבן מיר ניט געאַרבעט. ווי רעכנט איר כאַווער גאָרן, מע וועט אונדז באַצאָלן פֿאַר הײַנטיקן טאָג?

— קריס, וואָס שווײַגסטו?—אָוורוצקי האָט אָנגענומען קריסן פֿאַר אַן אַקסל:—מע האָט זיך הײַנט גאָר צו דער אַרבעט ניט געשטעלט?

גאָרן האָט פֿאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי ער דאַרף זיך דערמאָנען אַ שטאַרק גע־נויטיקס. ער האָט מאַריינען קימאַט ניט געהערט. געקוקט אַפֿן האָנעכל, וואָס איז געזעסן אַפֿן לוטשינקער פֿורל מיט אַ מינע: „מײַן אייסעק“, און געבעטן זיך באַ אים מיט די אויגן, ער זאָל אים דערמאָנען, וואָס ער, גאָרן, האָט פֿאַרגעסן.

אָוורוצקי:

— אָבער מע איז נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען?

מאַריינע:

— אַ מאָשל, מע האָט זיך שוין דען צערעכנט?

דאָס האנעכל, ווי ער טוט צוליב:

— מירן נאָך עפּשער בײַז פֿאַרנאַכט פֿאַרענדיקן די אָנגעהויבענע קלאַפּטערס.

גאָרן האָט זיך געריבן די הענט. אַ ווינקל מויל האָט געשמייכלט צו אָוורוצקין. אָוורוצקי האָט אַ מינוט געקוקט אָנגעשטרענגט אַף גאָרענען, זיך עפּעס באַרעכנט, אויס־געדרייט זיך צום לוטשינקער פֿורל און אויסגעשאָסן:

— קיינער פֿאָרט פֿון די קאַנאַלן ניט אַוועק: מיר צערעכענען קיינעם ניט.

מאַריינע איז איבערגעראַשט געוואָרן פֿון אָוורוצקיס זאָג. מע האָט ניט געקענט וויסן, צי ס'האָט אים האַנאָע געטאָן, צי ער קלויבט זיך דערווידערן. ער האָט געשווינד זיך גע־זעצט אַף דער קעלניע פֿון זײַן פֿורל, אַ טרײַב געטאָן די פֿערד אַף צוריקוועגס, אַף לוטשינקער זײַט, געשווינד, ווי מורדע געהאַט, מע זאָל אים ניט פֿאַרכאַפּן.

— אַ מיסע־מעשונע, גיכער!...

אָוורוצקי האָט אויך צעטריבן די פֿערדלעך.

---

באַ די קאַנאַלן איז שוין קײַן טומל ניט געווען. די אַרבעטער זײַנען געשטאַנען אין דער באַטאַריע און פֿיל געגראָבן. באַ באַזאַרער פֿאַלאַטקעס האָבן ווײַבער געפּאַקעוועט קלומקעס. עטלעכע מאַנסבילן, דערשלאָגענע, האָבן זיך געדרייט צווישן געפּעק, עפּעס גע־זוכט, אַלע ווײַלע זיך אומגעקוקט צום קאַנאַל און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

ביידע פֿורלעך האָבן צוגעשמיסן צו דער גרויסער קאָרעסטענער פֿאַלאַטקע, אַלע זײַנען גיך אַראָפּ און זיך געלאָזט צום קאַנאַל.

גאָרן איז אַרײַן אין דער באַטאַרייע. בלאָטע האָט אַ כליופּע געטאָן און אים פאַרשפּריצט דאָס פּאָנים. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט, צו צו לייווי שלימעס, אַרופגעלייגט אַ האַנט אַף זײַן לאָפּעטע און מיט רוגזע אַ זאָג געטאָן:

— רעב לייווי, אָ דאָס פאַרענדיקט איר אײַער קלאָפּטער קאַנאַל און אויס?—גאָרן האָט זיך געצונדן. ער וויל זאָגן עפּעס נאָך, שאַרפס, שטרענגס, נאָר ער האַלט זיך אײַן.

— כאָוער אינזשענער, מיר האָבן באַשלאָסן...—לייווי שלימעס האָט זיך אָפּגערוט אַ רעגע, געוואָלט דערפרייען גאָרענען מיטן גוטן באַשלוס, נאָר גאָרן האָט אים איבערגעשלאָגן. מיט קאַעס אַ ריס געטאָן באַ לייווין די לאָפּעטע פון דער האַנט, זי אַ וואָרף געטאָן אין בלאָטע און זיך אָנגערופן אַף אַ קאָל צו די איבעריקע אַרבעטער וואָס זײַנען אונטערגעקומען:

— קיינער וועט ניט וואַגן! קיינער גייט ניט פונדאַנען! איר הערט?

אָורוצקי, קריס, מאַריינע האָבן זיך אויך אַראָפּגעגליטשט אין דער באַטאַרייע. פאַרוואָרפן אוילעם מיט פראַגעס:

— איר פאַרענדיקט דעם טאָג?

— וואָס איז געוואָרן?

— מיט די קאָראָסטענער, וואָס האַלט מיט די קאָראָסטענער?

— וואָס דערציילן די יאַכנעס פון באַזאַר?

— און אַוראָם סלאָוועשנער ווו איז?

גאָרן האָט געטופּעט מיט די פיס, זיך געדרייט אין אַלע זײַטן. ער האָט די ליפּן פאַרביסן פאַר קאַעס און געדראָט מיטן פויסט:

— איר הערט? קיינער וועט ניט וואַגן!

אָורוצקי האָט זיך אַ מיש געטאָן צווישן יונגוואַרג, עפּעס האָט ער גערעדט מיט זיי שטיל, ניט אײַנגעהערט, נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט און צוגעלאָפן צו גאָרענען:

— גאָרן, די לאַגע האָט זיך אינגאַנצן געביטן. די קאָראָסטענער, אַלע קאָראָסטענער,—איר הערט, כאָוער גאָרן,—האָבן באַשלאָסן בלײַבן אַף דער אַרבעט. די אָורוטשער— ק י מ אַ ט אַלע. באַלד אזוי, איז גוט, וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן דער גאַנצער כאָדאָראָם הײַנטיקן טאָג...

דאָס ייִנגל האָט זיך געענדערט. דער קאָליר פונם פּאָנים איז געוואָרן אַן אַנדערער—אַ געלער קאָליר. ער איז געוואָרן מיטאַמאָל אופגעלעבט, ניט אָפּגעלאָזט קריסן:

— גוט, קריס, וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן. אַ קריזיס איז געווען, און מיר זײַנען שוין דעם קריזיס איבערגעקומען.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין וואַנט פון דער באַטאַרייע און אויסגעדלובעט אַן אַרויסגעשטעקטן וואָרצל. פלוצים זיך דערמאָנט, אַז מע דאַרף לויפן געוואָרע-ווערן צו יאָסין. ער האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אַרויף און אַוועק מיט גיכע טריט צו דער גרויסער פּאַלאַטקע.

גאָרן האָט זיך שוין רויִקער דערפרעגט באַ די אַרבעטער. מע האָט אים דערציילט אַלע מיטאַמאָל, איינער האָט ניט געלאָזט ריידן דעם צווייטן:

— האָבן מיר, קאָראָסטענער געזאָגט אַזוי...

— איינמאָל ניין!

— פריער האָבן מיר זיך דאַווקע, צווישן אונדז גערעדט אַביסל דערשראָקן.

— אָ דאָ, פון יאָסין...

— נאָר דאַנקען האַשעם-ייִסבאָרעך...

אַוראָם סלאָוועשנער איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן. ניט געוווּסט וווהין אַהינצוטאָן די אויגן, ער האָט געקוקט צו מאַריינען און גערעדט צו גאָרענען:

— מיר האָבן זיך באַטראַכט,—ס'קיין טאַכלעס ניט, און פונדערהיים שרייבט מען אונדז... מיר ווייסן ניט ווי אַנדערע, נאָר מיר, פון אונדזער זייט, האָבן אַף אייך קיין פּאַ-ריבל ניט,—באַצאָלט אונדז וואָס ס'קומט, און וואַליאַי קיין סלאָוועשנע.

גאָרן האָט אים גאָרניט געענטפערט. ער האָט מיט די אויגן געזוכט אָורוצקין.

— קריס. געפין ערגעץ אָורוצקין און זאָל ער זיי צערעכענען די ספעקולאַנטן.

אַווראָם סלאָוועשנער האָט אַ פייף געטאָן דורך די שיטערע ציין:

— פאַרפאַלן...—זיך עפּעס דערמאָנט און איז אַוועק צו זיין פּאַלאַטקע.

אָורוצקי איז שוין ווידער געווען אין דער באַטאַרייע, געהיצט זיך, געטייַנעט מיטן יונגוואַרג און גאָרענען עפּעס איינגעשמועסט, ער איז צוריק אַרופגעקראָכן אַרויף, באַקוקט די לאַנגע קייט אַרבעטער, וואָס האָט זיך פאַרלאָרן ערגעץ ווייט אין וואַלד, און מיט אַלע קויכעס אַ געשריי געגעבן:

— וואַרפט די אַרבעט!

— מע וועט פאַר היינטיקן טאָג ניט אָפּרעכענען!

— אַן אַל-גע-מיי-נע פאַר-זאַמ-לונג!

---

... גאָרן האָט גערעדט ניט לאַנג. ער האָט צוגעזוכט ווערטער, נאָר זיי האָבן זיך אים עפּעס ניט געמאַכט אונטער דער האַנט. נאָך יעדער וואָרט האָט ער זיך פאַרהוסט מיט אַ טרוקענעם הוסט.

— איז אָט איז באַ מיר אַזוי געבליבן, אז אויב איר... נו... וואַרפט... נו... וואַרפט אַזוי נאַריש... אָט... פאַרברעכעריש די ניטפאַרענדיקטע קאַנאַלן... איז גלויבט... איך וואָלט אין אָזעראַן געעפנט די הרעבליע... יאָ, איך האָב זיך אַזוי באַשלאָסן... פאַר... פאַר... די גאַל האָט געפּלאַצט... און אַרייַנגעלאָזט אין קאַנאַל דעם אָזעראַנער טייַך... וואָלט אַוועק קיין קאָרעסטען און געמאָלדן, אַז איך... איך אליין בין שולדיק אין דער קאַטאַסטראָפע... ווייל ס'איז אַ ביזאָיען דערציילן פון אייַך... אַז וואָס הייסט, איר ווילט אַוועקגיין פון אייַער אַרבעט? איר האָט די אַרבעט, באַ וועלכער... באַ וועלכער איר האָט אַוועקגע-לייגט אַ זומער קויכעס... די אַרבעט איז אייַך ניט איינגעבאַקן אין האַרצן? די אַרבעט... און פּאָלעסיע... איר זיינט זיך הי-געבוירענע...

גאָרן איז אַראָפּ פונם פּעסל, אַף וועלכן ער איז געשטאַנען, פאַרמאַכט אַף אַ מינוט די אויגן, און אַן אָפּגעלאָזטער זיך אַוועקגעשלעפּט צו דער פּאַלאַטקע. אָורוצקי האָט פאַר-נומען דאָס אָרט אַפן פּעסל.

גאָרענען אין דער פּאַלאַטקע האָבן זיך דערטראָגן אָפּגעריסענע, צעהיצטע ווערטער:

— כאַווייריס! קאָראָסטען האָט געוויזן... עקזאַמען אויסגעהאַלטן... מיר האָבן געהאַט דאָ אַ קריזיס... איבערגעקומען דעם קריזיס.

אַ פּליעסקערייַ פון אַן שיר הענט האָט אַ טרעשטשע געטאָן, טויב אַ שפּאַר געגעבן אַפן וואַלד און דאָרטן ערגעץ פאַרלאָרן געגאַנגען.

קריס קאָל.

— מיר דאַרפן שיקן דעלעגאַטן באַרויקן די דערבייַקע שטעטלעך... זאָגן אָפן... מיר שיידן זיך ניט מיט דער אַרבעט... מירן אַרבעטן...

דער טומל אינדרויסן איז מיטאַמאָל שלאַבעריקער געוואָרן, שוואַך אָפּגעהילכט אין וואַלד און אויסגעגאַנגען. גאָרן האָט אונטערגעהויבן דעם ברעזענט פון דער פּאַלאַטקע און ס'האָט אים א בלאָוו געטאָן אין די אויגן צוגעפאַלענער פּאָלעסישער אָוונט.

ווייט באַם שוואַרצן פּאַס קאַנאַל זיינען געשטאַנען די אַרבעטער און באַטראַכט שווייַגנדיק אַ לאַנגע שערענגע פורען, וואָס האָבן שווער געשפּאַנט מיט דער לאַנקע צו לוטשינקער שליאַך. באָרוועסע פורען, פאַרבונדן די קעפּ מיט געקווייטלטע שאַלעכלעך,

זײַנען זיי געגאַנגען אײַנגעהויקערט,—ס׳האָט זיי אָפּגעוואויגן די העגט גרויסע ציגענע עמער פֿול ווי אַן אויג מיט ליטאָווע ווײַנשל. איינע נאָך דער צווייטער זײַנען זיי פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער טונקלקייט פֿונם וואַלד.

מאַריינע איז צוגעקומען צו דער פּאַלאַטקע מיט אַ קעסעלע וואַסער.

— כאַווער גאָרן, איר ווייסט ניט ווער ס׳זײַנען די ווײַבער מיט די ווײַנשל? ס׳נאַראָדישטשער ווײַבער. זיי זײַנען דאָ נעכטן דורכגעגאַנגען צו די „קליינע יאָרן״— ס׳דאָרטן אַן אָרט פֿון ווײַנשל. פּאָלישוקעס כאָכמענען זיך, אַז אין די „קליינע יאָרן״ וואַקסן ווײַנשל אַף די בערעזעס אַפֿילע...

מאַריינע האָט צעלייגט אַ שײַטער און צוגעשטעלט דאָס קעסעלע צום פֿײַער.

— כאַווער גאָרן, ס׳האָט שוין איינמאָל אָפּגעגליקט נאַראָדיטש! מע פּרעגלט דאָרט אײַנגעמאַכץ פֿאַר טיף ראַסיי, דאָס גאַנצע שטעטל פּרעגלט. פֿריער קאַרשן, איצטער איז דער סעזאָן אַף ווײַנשל, נאָכדעם גייט פֿלוימען, הײַנט—עפּל... אַ גליק פֿון אַ שטעטל. וואָס רעדט איר—פּאָלעסיע איז אָפּגעשיט מיט קאַרשן און מיט ווײַנשל, כאַפּן ייִדעלעך אַ שאַנס... ספּריטנע ווײַבער,—מײַלגווײַז גייען זיי פֿון נאַראָדיטש נאָך ווײַנשל... און אײַנגעמאַכץ מאַכט מען, אַז ס׳עקט זיך די וועלט. צוקער גיט די קאָאָפּעראַציע...

אַף מיירעוו האָבן זיך געלאָשן טונקל-פֿיאָלעטענע וואָלקנדלעך, און שטערן אין צאָפֿן-זײַט זײַנען געוואָרן העלער און זיך צעפֿינקלט.

טיף אין וואַלד האָט אַ פֿויגל אויסגערופֿן. ס׳פֿאַרגייט נאַכט.

---

א. הובערמאַן.

# מיין אַנקעטע.

I

באַרג-אראָפּ, באַרג-אַראָפּ
אַ צעבראָכענע פור,
אַפן וועג איז געפאַלן אַ ראָד.
מיט פאַרלאָרענעם קאָפּ
זיצט מײַן טאַטע אין איר,
פאָרט מײַן טאַטע אין איר,
באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ.

איז געפאַלן אַ ראָד, איז פאַרבליבן נאָר דרײַ,
ווײנט אַן אַקס, שלעפּט דעם קאָפּ אַף דער ערד.
ס'וועט גאָרנישט ניט העלפן, כאָטש לייג זיך און שרײַ!
כאָטש שפּאַן זיך אין וואָגן באַנאַנד מיטן פערד.

ס'וועט גאָרנישט ניט העלפן, אַז ווי דיר און ווינד,
מיט פולע דרײַ רעדער וועסט ווײַט ניט פאַרפאָרן.
געדענק, אויב ווי דו וועט אויך האַנדלען דײַן קינד,
זאָל ער בעסער אַהין ניט פאַרגיין און צוריק ניט פאַרפאָרן.

אַזאַ אומעט אַרום, אַזאַ עלנט אַרום, אַזאַ ווייסיק,
אינמיטן, אין שווײַגעניש שטומער באַווייגט זיך אַן אַלטינקער ייד.
טאַטעניו, טאַטע, זײַ שוין דער לעצטער פאַרגאַנגענער קלייטניק,
זײַ שוין דער לעצטער פון פינצטערן, וויסטן יעריד.

שטייט ער פאַרשטיינערט און מעסט מיט די אויגן דעם וועג,
נאָר אַהיים איז נאָך ווײַט—פונדאַנען מיט בליק ניט דערלאַנגען.
גראָבט זיך אַ טרוים אין זײַן קאָפּ, ווי סע גראָבט אין אַ דעמב זיך אַ זעג,
און ס'שיילן זיך אויס אינם מויעך געצערטלטע, ווילדע פאַרלאַנגען.

אַ שטוב, אַ וואַרשטאַט, אַ מאַשין—און אויס מיט פאַטענטן,
(וואָס ווייסט ער מײַן טאַטע פון שטאָט, פון פאַבריקן, זאַוואָדן),
ער ווייסט, זײַנע טײַערינקע קינדער, זיי וועלן אים נאָכדעם פאַרשעלטן
און אייביק שוין מוזן אין קרעמערשן טרויער זיך באָדן.

איז שווער אים פאַרשווײַגן און שווער מיט זיי ריידן,
בעט ער בײַ קינדער אים העלפן די קרעמערשע עלטער דערטראָגן.
—טאַטע, געדענק, ס'וועט ניט העלפן, אומזיסט איז דײַן וויינען און בעטן,
ווען ס'פאַלן די הילצערנע רעדער, מוז פאַלן דער אײַזערנער וואָגן.

באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ
אַ צעבראָכענע פֿוּר,
אַפֿן וועג איִז געפֿאַלן אַ ראָד.
מיִט פֿאַרלאָרענעם קאָפּ
זיִצט מײַן טאַטע איִן איִר,
פֿאָרט מײַן טאַטע איִן איִר,
באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ.

II

אַזוי האָט געמוּזט און אַזוי האָט געטראָפֿן,
מ׳איִז מײַן טאַטן באַפֿאַלן איִן וועג.
איִז אוּמגעריִכט אוּמגליִק פֿאַרלאָפֿן—
אַ ווּנד אַפֿן לאַנגווײַל פֿוּן טעג.

און מײַן מאַמע האָט געוואָרט, געוואָרט און געוויינט,
און באַנאַכט מיִט אַ קלאָג איִם באַגעגנט.
כ׳האָב גאָרניִט פֿאַרשטאַנען און גאָרניִט געמיינט,
נאָר געפֿיִלט, אַז דאָס גייט איִן מײַן לעבן.

מײַן טאַטע האָט געכאַפּט מיִך פֿון בעט אַף די הענט,
דערזען כ׳האָב דעם טויט איִן זײַנע אויגן.
— דוּ וועסט באַווייגען דעם דאַך און די ערד און די ווענט,
דוּ וועסט באַווייגען די מיִלך, וואָס דוּ האָסט באַ אַ הענדלער געזויגן.

און איִך האָב געציִטערט און גאָרניִט ניִט, גאָרניִט פֿאַרשטאַנען,
(הײַנט וויים איִך, אַז ס׳האָט אַן אַנקעטע אַ לעצטן פֿאַרשאָלטענעם פּוּנקט),
פֿאַר סטעליע, פֿאַר דיִל און פֿאַר ווענט האָט מײַן טאַטע מיִט ווייטיִק געטײַנעט
— איִך שווער באַ מײַן באָרד—פֿאַר אַ האָלצהעקער מאַך איִך מײַן זון.

אַזוי האָט געמוּזט און אַזוי האָט געטראָפֿן
מ׳איִז מײַן טאַטן באַפֿאַלן איִן וועג,
מײַן טאַטע האָט איִן מאַרק באַלד אַפֿמאָרגן
געקויפֿט מיִר אַ האַק מיִט אַ זעג.

— נאַ דיִר און זע ניִט פֿאַרבײַטן
דײַן האַק צוויִשן טויזנטער העק.
גיי און מיִט בלוּט דײַנעם לײַטער
פֿוּן אָפּשטאַם דעם פֿיִנצטערן פֿלעק.

מיִט אַן אָפֿענעם האַרץ, מיִט פֿאַרבוּנדענע אויגן
כ׳בין אַוועק אַף ניִט טרעפֿן צוּריִק.
פֿאַרוואָס זשע וויִל קיינער ניִט גלויבן,
אַז איִך האָב צעבראָכן מײַן וויִג.

און אַ ציטעריִק ליִכט קעגן וויִנטן—
כ׳האָב געטראָגן מײַן יִנגלשן קאָפּ.
כ׳בין איִן אָנהויב, איִן סאָף און איִנמיִטן,
כ׳בין מיִט אײַך, כ׳בין מיִט אוּנדז, כ׳בין איִן שטאָט.

III

ס׳איז היינט יאָנטעוו, ס׳איז היינט פרילינג אין מיין שטאָט,
שטייען פענצטער פריי און ברייט צעעפנט.
ווער סט׳קומען און ווער זען איך בין ניטאָ,
קומט באַטאָג, ווער איר געוויס מיט טרעפן.

קומט צוגיין, ווער איר מיר אויסקושן מיין האַרץ,
כ׳בין געפאַלן און עס אומגערן צעבלוטיקט.
אין מיין דאָרעם-שטאָט—אַ גינגאָלדענער מאַרט,
אין מיין דאָרעם-האַרץ—אַ צאָפּנדיקער וויטיק.

מיין פּאָדאָליער, היים, זי ווערט נאָך אירס דערוויזן,
און מיך—איר קינד—ווערט זי נאָך טראָגן אַף די הענט.
דאָרט גייט נאָך טרויער, ווי אַ בעטלער אין די הייזער,
דאָרט ליגט נאָך טרויער, ווי אַ שימל אף די ווענט.

און אויך מיין היים—מיין טאַטנס שטוב לעם שליאַך,
אַף פלויט צעבראָכענעם דאָרט הענגען מיינע טרערן.
כ׳געדענק זי גוט, כ׳געדענק זי טיף די נאַכט,
זי איז מיט קנייטשן מיר פאַרשריבן אַף מיין שטערן.

ד. וואָלקנשטיין.

# אמאָליקע יאָטן.

(פֿון ראָמאַן „בלוט“).

ברידער און שוועסטער,
מיר זינגען לידער,
מיר זינגען לידער
פֿון זיך אליין.

I

דער וועג האָט זיך געהאַלטן ביזן טיפֿן ווינטער אַריין, פּלוצים האָט געגומען לאָז אזוי שמיידיק און ערנסט, אַז בונים מאָלדעוואַן האָט שוין ווידער אַרויסגעשלעפּט די בויד אַף דער מיט שטאַל און גענומען זי באַטראַכטן פֿון אַלע זייַטן.

— באַלעבאָס—האָט ער געזאָגט צו זאָרעך-לייבן,—ווען האָבן מיר פּורים? שימעלעכע די שענקערן גרייט שוין האָמענטאַשן מיט מאָן. ווערט זי געשוואָלן, גאָך אַוואַדע אַ כאַ-דאָשים צוויי.

זאָרעך-לייב האָט אַרויסגענומען פֿונם בוזעם דאָס געלע פּושקעלע פֿון געפֿלאָכטענער בערעסטענער קאָרע און זיך צוגעגרייט אַרויסבאַקומען פֿאַר זיך אַ היפּשן שמעק טאַבעקע. פֿאַר דעם ווינטער, וואָס בונים האָט זיך אַרופֿגעזעצט אַף זייַן קעלניע, האָט זאָרעך-לייב אויסגערוט מיט אַלע זייַנע אויסגעמאַכעוועטע באַלעגאָלישע ביינער. גאַנצע טעג איז ער אָפּ-געלעגן בײַ דער הייסער, אָנגעהייצטער רויבע אָן דער קאַפּאָטע, נאָר אין איין אָפּגעקראָכן לייַבל, און פֿון וואָילטיק געשריגן אַף דער מויד, וואָס האָט אַליין געשלעפּט די צעבערס פֿון דער שטוב אין שטאַל אַריין און פֿון דער שטאַל צוריק אין שטוב. און אַ קאָפּ בראָנפֿן האָט אים אויך ניט אויסגעפֿעלט. ער האָט אַרייַנגערוקט מיטן אָפּגעבויגענעם גראָבן פֿינגער דאָס קופּקעלע טאַבעקע טיף צו זיך אין דער נאָז אַרייַן, וואָס האָט אויסגעזען אַף דעם אַלטן פּאָנים, ווי אַ ווייכע שוואַרצע מויז.

— אַמאָליקע יאָרן איז געווען אַנדערש,—האָט ער זיך אָנגערופֿן ברייטלעך.—ווינטער איז געווען ווינטער. מע שפּאַנט, אייַן דעם שליטן נאָך די יאָנטויווים, שפּאַנט מען אויס צו די סדאָרים. איינמאָל, געדענק איך, האָט ער גענומען דערציילן בונימען, איז בײַ אונדז געווען אַזאַ ווינטער מיט שניי, אַז מע איז נאָך אַלע געפֿאָרן צום ערשטן סיידער מיט אַ שליטן. איך בין דעמלט גראָד געווען אין וועג. בין איך שיר ניט אַרופֿגעפֿאָרן מיטן שליטן גלייַך אַף דער עסטבעט. הייַנטיקע צייַטן איז שוין ניטאָ אַזוינע קויכעס ניט בײַ די מענטשן, ניט בײַ קיינעם ניט.

דער וועג צום וואָקזאַל איז געווען מיטן וואָגן שלעכט. ס'האָט געכליופּעט אונטער די פֿיס. די פֿערד האָבן אַלע מאָל געריזנעט אין די צעווייקטע שנייען. בונים האָט דעם גאַנצן וועג זיך געשאָלטן. ער האָט אַלע מאָל צוגעשטעלט די פֿערד און גענומען וואַרטן אַף די הינטערשטע פֿורן.

העט ווייַט האָט זיך אונטערן נעפּל אין פֿעלד געהערט דאָס וויאָקען און ליאַרעמען פֿון די באַלעגאָלעס. בונים האָט אַרומגעקוקט די שלייעס, אַרופֿגעקראָכן אַף דער קעלניע און געטיאָפּקעט ווייַטער.

דיִ דרײַ פֿאַרשוּינדלעך, וואָס זײַנען בײַ אים געזעסן איִן בויד, האָבן שוין גענומען בײַ זיִך כאַראָטשע האָבן, וואָס זיי האָבן זיִך אַרויסגעלאָזט פֿונדערהיים איִן אַזאַ טאָג. צוּ־זעענדיִק דעם גאַנצן וועג, וויִ אזוי בוּניִם שפּריִנגט אַלע מאָל אַראָפּ פֿוּן דער קעלניע, קעדיי מאַכן גריִנגער דיִ פֿערד, און שפּאַנט איִן דעם צעלאָזענעם שניי לעבן וואָגן אַן אוּפֿגע־רעגטער, אַ צעקאָכטער, האָבן זיי געקריִגן מוירע און געזעסן שטיִל, מיט קײַן וואָרט צוּ אים זיִך ניִט געווענדט.

אָט האָט איין פֿערד פּלוּציִם אַ שלעפּ געטאָן אָנדערזײַט, זיך אויסגעגליִטשט און צעריִסן עפּעס איִנם שפּאַן.

בוּניִם איִז דערפֿוּן איִנגאַנצן אַן אוּפֿגעבראַכטער אַראָפּ פֿוּן דער קעלניע און גענומען מיִט דער אויסגעדרייטער בײַטש שלאָגן דעם פֿאַרשוּלדיִקטן פֿערד איִבער דיִ אויערן.

דיִ פֿאַרשוּינען זײַנען געזעסן איִן בויד אײַנגעגוּרעט, מיט דיִ קעפּ איִן דיִ בוּרקעס, זיי האָבן מוירע געהאַט זאָגן אַ וואָרט דעם מאָלדעוואַן, וואָרעם ער האָט געקאָנט אויס־דרייען דיִ בײַטש און דערלאַנגען איִן בויד אַרײַן אויך.

אַז ער האָט זיִך אַביסל געקיִלט דאָס האַרץ באַם פֿערד און צוּגויפֿגעבוּנדן צוּריִק דעם פּאַסטראָמעק, איִז ער וויִדער אַרוּפֿגעשפּרוּנגען אַף דער קעלניע, אַ טרײַב געטאָן די פֿוּר און זיִך אויסגעקערעוועט אַ בערויגעזער צוּ דיִ פֿאַרשוּינדלעך איִן בויד אַרײַן.

— אָט זעט איִר, האָט ער געזאָגט.—ניִט אוּמזיִסט זאָגט מען בײַ אונדז דאָס ווערטל, אַז אַ וואָגן איִז אַ זייגער און אַ שליִטן איִז אַ פֿייגער. איך האָב מוירע, איִך וועל דאָ הײַנט אָוועקלייגן דיִ פֿערד.

נאָכדעם האָט ער שוין חײַטער געשוויִגן, געזעסן איִנדערהויך אַף דער קעלניע, וויִ אַן אָלמער פֿויגל אַף אַ הוילן בוים, און געווען פֿאַרטיִפֿט איִן דעם, וואָס ס׳טוּט זיִך אַרוּם אים אַף דיִ פֿעלדער. ער האָט געזען, אַז ס׳גייען דאָרט אוּם ראָבן איִן דיִ וואַסערן, פֿליִען שווער אריבער פֿוּן אָרט צוּ אָרט, שטוּפּן דיִ קעפּלעך איִן דעם צעווייקטן שניי, אונטער וועלכן ס׳איִז געבליִבן עפּעס אויסצוּפּיִקן אַ זיִסן־וואָרצל אָדער אַ קערנדל פֿוּן פֿאַראַ־יאָרן. אוּמעטוּם איִן פֿעלד האָבן גענומען אָפּגיין פֿוּנם שניי דיִ וויִנטערדיִקע קוּפּעס ני, און דאָרט זײַנען אויך געזעסן ראָבן, ווער ס׳האָט געהאַלטן אָפּן דאָס מויל און געקראַקעט איִן דער וועלט אַרײַן, ווער ס׳האָט זיִך געריייניִקט דיִ פֿעדערן, אַנדערע האָבן נײַגעריִק געקוּקט אָהער צוּ דער בויד, וויִ אַזוי זיִ מוּטשעט זיך.

איִן ערשטן דאָרף האָט בוּניִם געפּרוּווט צוּשטעלן דיִ פֿערד און אויסוואָרטן אַף דיִ געבליִבענע פֿוּרן, נאָר דער שליאַך איִן דאָרף איִז געווען איִנגאַנצן קאַליע, דיִ גערטנער האָבן אַרויסגעקוּקט אַהער אָפֿן צעווייקטן וועג מיִט שוואַרצע פֿלעקן פֿוּן אונטער דעם שניי. בוּניִם האָט אָפּגעוואַרט אַ היִפּש ביִסל צײַט און געמוּזט איינער אליין זיִך אוועקלאָזן איִן וויִטערדיִקן וועג.

איִן צווייטן דאָרף האָט זיִך געטראָפֿן דער בויד אַ גאָיִשע פֿוּר. ס׳איִז געווען דיִ איינציִקע פֿוּר פֿאַר דעם גאַנצן וועג. זיִ האָט זיִך געשלעפּט פֿוּן דריִטן דאָרף און געפֿיִרט פֿאַר דער אויסגעהוּנגערטער קוּ איִנדערהיים רויטלעכע פּאָשע פֿוּן פּראָסע־שטרוי.

— ווי אזוי איִז וויַיטער דער וועג?—האָט בוּניִם געשריִגן פֿוּן דער קעלניע צוּם פּויער.

דער פּויער האָט געענטפֿערט פֿוּן זײַן פֿוּר אַ פֿאַרמאַטערטער.

— שלעכט! דיִ פֿערד פֿאַלן אַרײַן, קער זיִך בעסער אוּם.

אוּמקערן זיִך איִז געווען ווײַט. בוּניִם האָט גענומען שמײַסן און טרײַבן ווײַטער.

צוּם וואָקזאַל איִז ער געקומען, ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן ווערן פֿיִנצטערלעך איִנדרויסן, אַ פֿאַרמוּטשעטער, מיִט צעהאַרגעטע פֿערד, מיִט אָפּגעריִסענע שלייעס, דיִ בײַטש האָט ער צעבראָכן און אָוועקגעוואָרפֿן אַפֿן וועג. ער האָט באַלד אויסגעשפּאַנט דיִ פֿערד און זיי דורכגעפֿיִרט איִבערן וואָקזאַל־הויף, ווו ער איִז געווען איינער אַליין. דוּרכגעפֿיִרט דיִ

פערד, האָט בונים גלײַך אויסגעטאָן אַפּן ברוק מיטן שניי די שטיוול און אויסגעטרייסלט די וואַסער. ער האָט זיך געפילט פאַרמאַטערט ניט ווייניקער פון די פערד.

ערשט שפּעט צו פאַרנאַכט-צו האָט זיך באַוויזן אין טויער אַ פור פון דעם באַראָן שעדוואַרס עקאָנאָמיע און צוגעפירט צום וואָקזאַל-גאַניקל אַ פאַרקוטעטע יונגע פּריצע אין בורקעס און אין שאַלן. נאָר אומזיסט איז געווען דאָס פאָרן. דער צוג איז שוין לאַנג געווען אָפּגעגאַן. די וואָקזאַל-דינערס זײַנען געשטאַנען אַף דעם גאַניקל און זי באַטראַכט מיט אַ פאַרשטעלט שמייכעלע. אַפילע די עקאָנאָמישע פור, כאָטש זי איז געווען געשפּאַנט מיט פיר פערד אינדערברייט, איז אויך אַרײַנגעפאָרן אין הויף, ווי אַן אָפּגעצוואָגענע. די גרויסע זאַטע פערד זײַנען געווען איבער די אויגן פאַרליאַפּעט מיט בלאָטע און וואַסער, פון די רוקנס האָט באַ זיי געזועצט אַ פּאַרע איבערן פינצטערן וואָקזאַל-הויף. אַז די פור איז אַרויסגעפאָרן צוריק, איז שוין נאָכדעם מער קײַן איין לעבעדיקער נעפעש ניט אַראָפּגעקומען אין הויף.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט בונים געוואַרט אַף די באַלעגאָלישע פורן, נאָר קיינער איז ניט געקומען. ער האָט ניט געוווּסט, אַז די פורן האָבן זיך פון מיטן וועג אומגעקערט צוריק און צעלאָזט די פאַרשווינדלעך אַהיים.

די פּריצע איז געזעסן איינע אליין אין ערשטן קלאַס און אַלע מאָל אַרויסגעקוקט אין פענצטער. זי האָט געזען די ליידיקע שוואַרצע פּלאַטפאָרם, צונויפגעלייגטע קלאַפּטערס האָלץ, וואָס איז געווען נאַס, אַ דויטן דאַך פון טשערעפּ, וואָס איז אויך געווען נאַס.

ס'איז דורכגעלאָפן דער טעלעגראַפיסט מיטן שינעל אַף די אַקסלען, די פּריצע האָט צו אים אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און געפרעגט:

— ס'וועט נאָך זײַן אַ צוג?

דער טעלעגראַפיסט האָט געזען, אז ס'איז אַ יונגע, שיינע פרוי, האָט ער אַ שמייכל געטאָן צום פענצטער און אַ מאַך געטאָן מיט באַדויערונג מיט דער האַנט:

— ערשט אַכט אַזייגער אינדערפרי.—און איז פאַרשווונדן מיט אַ נויג אונטער דעם פענצטער.

אַפּדערנאַכט האָט דער וואָקזאַל-דינער אָנגעצונדן איינונייינציק לעמפּל און פון רעכמאָנעס-וועגן געזאָגט צו דער יונגער פּריצע:

— קײַן בופעט וועט הײַנט ניט זײַן. אויב איר ווילט, קאָן איך אײַך ברענגען אַ טשאַיניקל טיי פונם ארטעל.

זי האָט אויסגעהערט און האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט שוין דאָ איבערגעלייענט אַלע אַנאָנסן וועגן זינגערס ניי-מאַשינעס, באַקוקט די צעהאַנגענע מאָדעלן אַף דער וואַנט פון קאָלערליי מינים אַקערס, דרעש-מאַשינעס און שנײַד-מאַשינעס, זעלטענע רעטעכער, די גרויס ווי אַן עמער, און נאָך פאַרשיידענע וווּנדער-געוויקסן, און ענדלעך אַרופגעוואָרפן אַף זיך די שאַל און איז אָוועקגעגאַנגען אַף נאַכט אין דער אַכסאַניע ניט ווײַט פון דעם וואָקזאַל.

דער וואָקזאַל-דינער האָט נאָך איר אַוועקגיין באַלד אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, צעשטעלט די בענקלעך אַרום די טישן אין אָרדענונג, און דער וואָקזאַל איז אינגאַנצן פאַרסאָן געוואָרן אין דער טויבער פינצטערער נאַכט.

שפּעט אינאָוונט האָט זיך בונים אופגעכאַפּט. ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט רויכערן. ער איז אופגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען אַפן הויף אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך דאָרט. אַפן הויף האט ער זיך אויסגעמאַכט אַ ציגאַר און פאַרויכערט.

אינדערפינצטער האָט זיך געהערט, ווי סע יאָגן די ריטשקעס אין פעלד, סע בולבעט און כאָרכלט, ווי מיט פאַרשטיקטע העלדזער. די שטילקײַט פון דער נעפּלדיקער נאַכט האָט נאָך מער פאַרשאַרפט און פאַרגרעסערט דעם גערויש פון דער צערודערטער וואַסער. בונימען איז געוואָרן קלאָר, אַז די פורן וועלן שוין ניט קומען.

אינאָוונט האָט בונים פֿאַרפֿירט די בויד אין איינפֿאָר אַרײַן און אַליין האָט ער זיך אומגעקערט אַפֿן וואָקזאַל און זיך אײַנגעאָרדנט אַף נאַכט. ער איז אָפּגעזעסן מיט די וואָקזאַל־לײַט אַ שאָ, געגעבן יעדערן פֿון זײַן רויטן סאַמעטן טאָרבעלע, וואָס איז בײַ אים ווי אַ ציבעקל טערקישער פֿעפֿער, קאָרינצעס אַף אַ שטיקל פּאַפּיראָס־פּאַפּיר און זיך אָפּגערעדט דאָס האַרץ. קײַן נײַע צוגן האָבן פֿון זעקס פֿאַרנאַכט ניט געדאַרפֿט אָנקומען, ניט קײַן מאַסע־צוגן און ניט קײַן אַנדערע. די וואָקזאַל־דינער זײַנען זיך צעקראָכן כאַפּן אַ שלאָף, ווער אַפֿן דאָרף צו זיך אַהיים, ווער אין דעם צוגעבויטן שטיבל בײַ דער אַרטעל. בונים איז געבליבן אַף נאַכט אין דריטן קלאַס קימאַט איינער אַליין. ער האָט זיך לאַנג געדרייט אַף דער הילצערנער וואָקזאַל־באַנק, געבעט און איבערגעבעט אונטער זיך די נאַסע דורכגעווייקטע בורקע.

אַכוץ אים איז דאָ געווען נאָך עטלעכע פֿרעמדע אַרעסטירטע פּויערים. צוויי דראַגונער סאָלדאַטן מיט גלאַטע געגלעכלעכע ביקסן האָבן זיי געטריבן צופֿוס אין אַ צווייטן דאָרף, מע זאָל דערקענען, ווער פֿון זיי האָט אַנומלט אָנגעיאָגט דעם באַראָן שעדוואַר אַפֿן שפּאַציר אין וואַלד און אַ וואָרף געטאָן זײַן פֿערד אַ שײַט האָלץ אין פֿוס. די דראַגונער סאָלדאַטן האָבן דאָס אַליין דערציילט. זיי האָבן דאָ באַגלײַך מיט די וואָקזאַל־דינער גערויכערט פֿון בונימס קאָרינצעס, וואָס ער האָט זיי אַרויפֿגעשאָטן אַף דער האַנט פֿון זײַן שיינעם רויטן סאַמעטענעם טאָרבעלע, און אַלע אינאיינעם אָפּגעזעסן אַ שאָ אַף די דאַרע וואָקזאַל־בענק.

די פּויערים, כאָטש זיי זײַנען געווען אַרעסטירט, האָבן זיך דאָ צווישן אויליעם געפֿילט פֿרײַ. אַז זיי האָבן געזען, אַז די דראַגונער דערציילן פֿאַר די וואָקזאַל־לײַט זייער געשיכטע מיטן באַראָן שעדוואַר, האָבן זיי זיך אַרײַנגעמישט אין שמועס און אַליין אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי ס'איז געווען. די מײַסע האָט זיך באַקומען אַזוי קאָמיש און אָפּשפּעטעריש, אַז אַלע האָבן אָנגעהויבן לאַכן. די דראַגונער האָבן זיך די ערשטע צעלאַכט און געלאַכט לענגער פֿון אַלע. די פּויערים האָבן אַלע געאַרבעט בײַם באַראָן שעדוואַר אין וואַלד, און אַז מע האָט זיי געבראַכט אין שטאָט צו מאַנדריגע דעם טאַטער, האָבן זיי געטײַנעט, אַז זיי ווייסן ניט פֿון וואָס צו זאָגן.

מאַנדריגע דער שטאַבס־קאַפּיטאַן האָט זיי בײַם פֿאַרהער געשלאָגן איבערן פּנים מיט זײַן אַראַפּניק, וואָס איז געווען אויסגעאַרבעט פֿון אַ הירשנפֿיסל, און האָט זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע טעג פֿאַרשפּאַרט אין אַ קאַלט שטעלכן אַף דער הוילער ערד. כוץ אַביסל שטרוי אַף באַשיטן די בלאָטיקע ערד פֿונם דיל, האָט מען ניט געטאָרט גאָרניט געבן אַף נאַכט. מע וואָלט זיי שוין עפּשער געווען אַרויסגעלאָזט, איז פֿאַר די טעג, וואָס די פּויערים זײַנען געזעסן אַרעסטירט, געשען אַ נײַס. די גרעסטע שאָפֿע אין באַראָנס הויף האָט זיך „פֿון זיך אַליין“ אָנגעצונדן. אַז מע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די פֿעסלעך מיט וואַסער, זײַנען אַלע רעדער געווען צעהאַקט מיט אַ האַק.

מאַנדריגע אַליין האָט איבערגעטרייסלט דאָס גאַנצע דאָרף און האָט גאָרניט געקאָנט מאַכן.

פֿאַרן אָוועקפֿאָרן מיט די דראַגונער, האָט ער געהייסן צונויפֿטרײַבן אַפֿן פּלאַץ „דאָס גאַנצע דאָרף“, ער האָט געהאַלטן צו זיי אַ הייסע רעדע, געוואָרנט די פּראַוואָסלאַוונע, זיי זאָלן זיך ניט לאָזן אײַנריידן פֿון די זשידעס אין שטאָט און בעסער אַרויסגעבן די בונטאָווטשיקעס מיט גוטנס, נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפֿן.

מאַנדריגע האָט זיך שוין גענומען שווײַגנדיק אַראָפּזעצן אַף זײַן קליינער האָרבאַטער שקאַפּקע סאָלקאָ, וואָס איז מיט איר זשאַווער־רויטלעכער מאַרע, מיט איר ווילד־פֿאַרקריפּלטן חוקס און מיטן גלאַנציק־שוואַרצן טאַשמעלע איבערן רוקן גאָרניט געווען געראָטן אין קײַן פֿערד, נאָר גיכער אין אַ ציג, אַזאַ טומלדיק שפּיציק־בערדל האָט זי געהאַט, אויך אַזוינע געטאָקטע פֿיר פֿיס, כוץ די אויגן, וואָס זײַנען בײַ איר געווען פֿאַרביסן־בייזע, האַלב־כאַזעריש

האַלב-וואָלפֿישע, מיט געדיכטע וויִעס,—אַז פּאַנאַס דודאַ, עטוואָס איבערגעאַנדערשט, מע זאָל אים ניט דערקענען, האָט זיך באַוויזן אַן אופגעהויבענער אינדערהויך איבערן גאַנצן אוילעם מיט אַ נייעם פרעמדן גרויצן יאַלעם אַפן קאָפּ און אַ רעד געטאָן אַף זיין באַסאָווער שטים זייער קלאָר.

— פֿאַר געזונט!.. קומט בעסער צופֿאָרן צו אונדז אין געסט זומערצייט... זומער קאָנען מיר שענער אופנעמען ליבע געסט, וואָס שלאָגן אונדז מיט שווערדן און נאַהייקעס. יאָ, זומער איז דער גאַי אין דאָרף אַביסל נאַרישערי ווי ווינטער, ווערסטו זיך שוין פֿאַרייגס קאָנען דערוויסן, ווער ס'האָט אַ וואָרף געטאָן דעם שייט האָלץ אַף דעם באַראָנס פֿערד.—איאָ, איך זאָג דיכטיק, ברידער?—האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ ווענד צו דעם גאַנצן פלאַץ מיט פויערים און איז גלייך ניט געבליבן. די הענט, וואָס האָבן פאַנאַסן אַ הויב געטאָן פונם אוילעם אינדערהויך און האָבן אים געהאַלטן די גאַנצע צייט, ווען ער האָט גערעדט, האָבן אים טייקעף צוריק אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד.

אַפן פלאַץ האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער, אַ סווישטשעריי.

די דראַגונער האָבן אַריינגעיאָגט אין געדיכטעניש, האָבן געשלאָגן מיט די נאַהייקעס, האָבן געטראָטן מיט די פֿערד, וועמען זיי האָבן אָנגעטראָפֿן, נאָר דעם, וואָס האָט גערעדט, האָבן זיי ניט געפֿונען.

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט מאַנדריגע באַקומען אַ צעטעלע פֿון דער עקאָנאָמיע, ער זאָל אַרויסשיקן די אַרעסטירטע צוריק אין דאָרף. „ס'האָבן זיך אַרויסגעוויזן נייע פֿאַקטן,—איז געשטאַנען אים דעם צעטעלע,—מע דאַרף די אַרעסטירטע אַוועקשטעלן אַף אַן עפֿנטלעכן פֿאַרהער, מיטן גאַנצן דאָרף אויג אַף אויג"...

עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט, אַז בונים האָט זיך דורכגעוואָרפֿן פונם שלאָף און גענומען פֿארויכערן אינדערפֿינצטער אַ ציגייער טעטין, האָט ער געהערט ווי די אַרעסטירטע פויערים קרעכצן אַף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, גלייך ווי מע מוטשעט זיי דאָרט געבונדענערהייט, און זיי קאָנען זיך ניט אופכאַפּן. זיי ליגן איינס לעבן דעם אַנדערן, אַזוי ווי שאָף אַף אַ וואָגן שטאַרק פֿאַרטיפֿט אין כאַלוימעס, וואָס פייניקן זיי.

אַ שאָ פֿאַרטאָג האָט בונים מאַלדעוואַן זיך ווידעראַמאָל אופגעכאַפּט אַף זיין באַנק. ער האָט גענומען דערלאַנגען פֿון דער הויזן-קעשענע דאָס טאָרבעלע מיט די קאָרינצעס און עס ניט געפֿונען אַף זיין אָרט. ער האָט זיך אופגעזעצט, גענומען טאַפּן פֿריער אינדערפֿינצטער אַרום זיך, ווו ער איז געלעגן, דערנאָכדעם געזוכט מיט אַ שוועבעלע אומעטום ווי מעגלעך—דאָס טאָרבעלע איז ניט געווען.

— דאָס האָבן די דראַגונער ערשטאָ באַ מיר אַרויסגעשלעפּט!—האָט בונים צו זיך געזאָגט.—זיי איז דאָס נאָך נעכטן אַפֿדערנאַכט שטאַרק געפֿעלן געוואָרן.

בונימען האָט זיך שוין אַפילע געדאַכט, אַז ער האָט זיך אופגעכאַפּט אַזוי פלוצים מיט עפּעס אַ שווערן געפֿיל אַפן האַרצן טאַקע דערפֿאַר, וואָס אין שלאָף האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עמיצער איז צו אים אַריינגעקראָכן מיט דער האַנט אין קעשענע און באַגאַנווועט אים. אים האָט ניט אַזוי שטאַרק באַנק געטאָן דאָס סאַמעטענע טאָרבעלע,—כאָטש דאָס אויך אַביסל, ס'איז געווען אַ שיינס, און ער איז געווען דערצו שטאַרק צוגעוואָינט,—ווי דאָס, וואָס פֿון היינט אָן קאָן ער זיך שוין אַף זיך אין שלאָף ניט פֿאַרלאָזן, און ער פֿירט גאַנץ אָפֿט פרעמד געלט און פּאַפּירן. נאָר מער פֿון אַלץ האָט בונימען געאַרט, וואָס, ווי אַף צעלאָכעס, גלוסט זיך אים פֿאַרדרייען אַ ציגייער טעטין און ער האָט ניט די קאָרינצעס. ער האָט זיך אָנגעהויבן טאַפּן אין די קעשענעס און אָפּגעזוכט אינדערפֿינצטער די זילבערנע קרישילקע מיטן פּוטערשטיינדל, וואָס די דראַגונער האָבן ניט באַוויזן באַ אים אַרויסשלעפּן, אָדער זיי האָבן זיי אין איילעניש ניט אָנגעטאָפּט.

קיין באַזונדערס שטאַרקן פֿאַרדראָס סיי אַף די דראַגונער, סיי אַף זיך אַליין, וואָס ער האָט געקאָנט אַזוי אומפֿאָרזיכטיק שלאָפֿן אַפֿן וואָקזאַל, וואָס וואָלט געפּאַסט מער פֿאַר

אַ נאַריש ייִנגל, ווי פֿאַר איִם,—האָט עס דעם מאָלדעוואַן ניִט פֿאַרשאַפֿט. אַמאָל, איידער ער איז געוואָרן אַ באַלעגאָלע שטענדיִק מיִט אַ פֿרייער קאָפּיִקע איִן האַנט, וואָלט ער פֿאַר אַזאַ זאַך גרייט געווען גיין ביִז בלוט. אַביִ אָפּנעמען זײַנס צוריִק. איִצט האָט ער אָפּיִלע קײַן איין מאָל ניִט קײַן טראַכט געטאָן פֿון דעם.

עטוואָס אַ צעמיִשטער פֿון זיינע געדאַנקען טיִף איִן זיִך איז ער אָפּגעלעגן ביִז פֿאַרטאָג, ניִט געקאָנט שוין מער שלאָפֿן און אַרויסגעקוקט אַף דעם פֿריִמאָרגן, וואָס האָט זיִך געקליִבן זײַן אַ נאַסער און אָפּגעלאָזטער, וויִ דער נעכטיקער טאָג. דער וועג צוריִק האָט זיִך אויך געמאָלט אַ ביִטערער. דיִ גאַנצע נאַכט האָט איִנדרויסן געקאַפּעט און געבולבעט איִן דיִ פֿריִשע קאַליִזשעס.

אַז דיִ וואָקזאַל-דיִנער האָבן זיִך אומגעקערט צוריִק פֿון זייערע נאַכטלעגערס און זיִך געשטעלט גרייטן צום ערשטן צוג דעם וואָקזאַל, האָט איִן דיִ פֿענצטער גענומען קוים קוים בלאָ ווערן. די פּויעריִם אַף דער פּיִדלאָגע זײַנען שוין ניט געשלאָפֿן. דער סטרוזש האָט זיי פּלוציִם אַ טאָרע געטאָן און געהייסן טייקעף-אומעיאַד אופֿשטיין. ער איז שוין וויִדער געווען אָנגעטאָן, וויִ נעכטן, איִן דעם ווײַסן פֿאַרטעך מיִטן בלעכענעם געלן נומער אַף דער ברוסט. ער האָט אַרײַנגעטראָגן איִן דריטן קלאַס אַ טשאַניִק וואַסער אָן אַ דעקל, אַ בעזעם מיט אַ שטעקן, גענומען אָפּרוקן דיִ בענק און אויסקערן אַפֿגיִך דיִ פּאָדלאָגע. און באַלד האָט טאַקע זיִך אָנגעיאָגט דער צוג. עטלעכע מיִנוט האָט ער זיִך פֿאַרהאַלטן איִן נאַסן פֿעלד, געפֿײַפֿט און געדעוועט, וויִ אַ פֿאַרוווּנדעטער פֿאַר דעם פֿאַרמאַכטן סעמאַפֿאָר, באַלד צוגעקראָכן צום וואָקזאַל און אַ בלאָז געטאָן שטאַרק פּרעמד אַף די אַרויסגעגאַנגענע דיִנער מיִט דעם פֿאַרשלאָפֿענעם נאַטשאַלניק איִנם רויטן, צעקנייטשטן היִטל—פֿון זײַנע פֿאַרהאנגענע פֿענצטער. דאָרט איז נאָך געווען נאַכט, דיִ וואַגאָנעס זײַנען איִנעווייניק דורכויס געווען אויסגעהייצט נאָך פֿון נעכטן.

איין אײַנוניינציִקער קאָנדוקטער איִז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דעם לאַנגן צוג. ער האָט געהאַלטן איִן האַנט אַ פֿאַרויכערטן טשאַיניִק, דורכלויפֿנדיִק, איִבערגעגעבן אַ פּאַפּיִר דעם נאַטשאַלניִק און זיִך אַוועקגעלאָזט אָן ווערטער איִנם דריִטן קלאַס אָנצאַפּן וואַסער פֿונם זודיִקן סאַמאָוואַר.

בוניִם האָט דאָס אַלץ גוט באַטראַכט. ער האָט זיִך אַף אַלע זײַטן פֿאַרקוקט אַף דער נאַסער פּלאַטפֿאָרמע. דער צוג איז געשטאַנען מיִט דיִ אָנגעצונדענע לעמפּלעך איִן דיִ פֿאַרהאַנגענע וואגאָנעס און, ווײַזט אויס, אַז דיִ פּאַסאַזשיִרן זײַנען דאָרט נאָך געשלאָפֿן, וואָרעם קיינער האָט זיִך פֿון דיִ פֿאַרוקטע טיִרן אַף דער פּלאַטפֿאָרמע אָפּיִלע ניִט באַוויזן. בוניִם האָט זיִך צוריק אומגעקערט איִן דריטן קלאַס און איִז שוין מער אף דער פּלאַטפֿאָרמע ניִט אַרויסגעגאַנגען.

איִן אײַנפֿאָר האָבן געוואַרט אַף איִם דיִ פֿערד, האָט ער אַרופֿגעוואָרפֿן אַף דיִ אַקסלען דיִ בורקע און געלאָזט זיִך גיין צו דער אַרויסגאַנג-טיר. נאָר איידער ער איז צו, האָט זיִך דיִ טיִר אַליין געעפֿנט. דיִ יונגע פּריִצע פֿון דעם באַראָן שעדוואַרס עקאָנאָמיע האָט זיִך אײַלנדיק דורכגעשטופּט לעבן איִם און איִז אַוועק איִבערן קאָריִדאָר צו דעם צווייטן אַרויסגאַנג אַקעגן, ווו ס'איִז געשטאַנען דער צוג.

בונימען האָט ווידער אָהיִן א צי געטאָן אַרויסגיין. ער האָט דאָס מיידל פּריִערט ניט געזען, איִז ער אַרויסגעגאַנגען אַף דער פּלאַטפֿאָרמע דאָרט נאָכאַמאָל אף איר אַ קוק טאָן.

די פּלאַטפֿאָרמע איִז געווען פּוסט, וויִ פֿריִער. דיִ גאָיִם זײַנען געשטאַנען לעבן דעם גרינעם פֿעסל וואַסער און געוואַרט אַף דיִ דראַגונער. דיִ דראַגונער האָבן זיך שוין אָפּגעוואַשן פֿונם פֿעסל און זיִך געוויִשט מיט דיִ פּאָלעס פֿון דעם שיִנעל.

— אַ גוט טאָרבעלע געווען, איִך וועל שוין אַזוינס איִנערגעץ ניט קריִגן,—איִז איִם דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק. ער האָט שוין געוואָלט צוגיין צו דיִ סאָלדאַטן און אַ פֿרעג טאָן.—

„עפּשער האָט איר הײַנט באַנאַכט געפונען באַ מיר אין קעשענע אַ שײן סאַמעטן טאָרבעלע מיט קאָרינצעס? די קישקעס פון בויך דאַרף מען אײך אַרויסלאָזן פאַר אַזאַ זאַך, „באַרבאָסן”...

בונים האָט אָפּגעוואַרט, ביז דאָס מײדל פון דער עקאָנאָמיע האָט געפונען אַ וואַגאָן און איז אַרופגעגאַנגען אַף די טרעפּלעך. זי האָט זיך שטאַרק געאײַלט, געשטופּט פאַרפריער דעם דינער, וואָס האָט געהאַלטן אירע טשעמאָדאַנעס, און אַלײן געעפנט פאַר אים די טיר.

דער צוג האָט באַלד גערירט. ער האָט זיך לאַנגזאַם אַ וויג געטאָן, אַ ציטער געטאָן מיט אַלע פאַרשלאָפענע וואַגאָנעס און זיך גרינג אָפּגעריסן פון אָרט.

אַף דער לאַנגער פּלאַטפאָרמע זײַנען געשטאַנען געציילטע דרײַ מענטשן. ס'איז נאָך געווען פויל און נעפּלדיק אַרום און אַרום. די נאַכט האָט זיך צעשוועמען אין דעם וואַסערדיק־גראָען מאָרגן און אַלץ פאַרבלאָזן און פאַרהילט. איצט איז שוין אים אַלײן קלאָר געווען, אַז דאָס פאָרן אין דער כאַשכעס איז געווען אַן אומזיסטיקס. בונים האָט זיך אויסגעקערעוועט און געוואָלט צוריק אַרײַנגײן אין וואָקזאַל און פון דאָרטן צו די פערד אין אײנפאָר, האָט זיך פון הינטער יענעם עק וואָקזאַל, ווו ס'איז געווען די פּאָטשט, באַוויזן אַ פרעמדער יונגערמאַן און גענומען מיט אײַלנדיקע טריט גײן צום צווייטן עק וואָקזאַל. ער האָט עטוואָס אונטערגעהונקען אַף אַ פוס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סטיס?—האָט בונים זיך אַ טראַכט געטאָן און גלאַט אַזוי אַ שפּאַן געטאָן צו אים. באַ זײ אין דער פּאָלעסיע רופט מען אײנעם, וואָס הינקט אַזוי אונטער: „אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף”.—ווּהין דאַרפט איר פאָרן, פאַניטש?—האָט ער אים באַלעגאָליש געפרעגט.

דער פרעמדער יונגערמאַן האָט אַ וואָרף געטאָן אַף אים מיט אַ פּאָר שוואַרצע גלאַנציקע אויגן און עטלעכע רעגעס זײ ניט אַראָפּגענומען פון זײַן פּאָנים. בונים האָט געזען, אַז ס'איז אַ צעקרימט באָכערל, וואָס איז קאָם, קאָם צונויפגעשטעלט פון דינע אײדעלע ביינדעלעך, כאָטש דאָס מאַנטל איז באַ אים אַ ברײטס, און דער שײנער נײַער הוט, וואָס ער גײט אָנגערוקט אַפן שטערן, איז אַ האַרטער, ווי אַף אַ קרעפּטיקן און באַיאָרטן.

— איך דאַרף האָבן אַ פור,—האָט דער באָכער ענדלעך געענטפערט און געזאָגט בונימען, ווּהין ער דאַרף.

— הערסטו, זײַנט איר דאָך מײַן פאַרשוינדל... איך בין דאָ אײנער אַלײן אַפן וואָקזאַל—האָט בונים אויסגעשריען.—באַלד פאָרן מיר.

ביז בונים האָט געשפּאַנט אין אײַנפאָר די פערד, האָט דער פרעמדער יונגערמאַן זיך גענומען אַ גלאָז טײ אין דריטן קלאַס און געשטעלט דעם ווײַגער. ער האָט אינגאַנצן פאַמעלעך, אָן דעם מינדסטן כײשעק, געטרונקען צו אײנציקע קלײנע שלינגען פון דער גלאָז און רויִק באַקוקט דעם ליידיקן וואָקזאַל. אַז בונים איז צוגעפאָרן מיט דער בויד צום שטײנערנעם גאַניקל און האָט פאַרקערעוועט, האָט דער יונגערמאַן אין דעם ברײטן פּאַלטאָ מיט דעם אָנגערוקטן האַרטן הוט ווידער אַ פיר געטאָן הין און צוריק מיט זײַנע שוואַרצע אויגן איבער בונימס פּאָנים.

— עפּשער וועט איר טרינקען אַ גלאָז טײ?—האָט ער בונימען געזאָגט.—ס'איז דאָ גוטע טײ.

און ווידער האָט בונים דערזען, אַז זײַן פאַרשוינדל האָט גאָרניט, כוץ די אויגן אַפן פּאָנים—ניט קײַן בויך, ניט קײַן הענט און ניט קײַן פיס. וואַרף אים אונטער אינדערהויך, ווען ס'איז אַ ווינט אינדרויסן, וועט ער אַוועקפליען. און בונים האָט אין זיך אַ טראַכט געטאָן וועגן אים: „אַזאַ וועט זיך ניט דינגען”, נאָר פון טײ האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

— מע דאַרף פאָרן, פאַניטש. אַלעווײַ זאָלן מיר אַף נאַכט זײַן אינדערהיים.

דאָס איז געווען אַן אַלטער פאָרטל בא מאלדעוואַנען. אַרופֿנעמענדיק עפּעס ניט קיין געוויינטלעך פאַרשוינדל, אים פון דער ערשטער מינוט פארלייגן אַ קלאָץ.

דער באָכער האָט גאָרניט געענטפערט און האָט זיך רויק אַרײַנגעזעצט אין בויד.

ס'איז שוין געוואָרן ליכטיק. בונים האָט איבערגעבונדן בא די פערד די ווידלען און גענומען אויסמײַדן די פרישע קאלוזשעס, וואָס זײַנען דאָ געוואָרן פאַר דער נאכט. ווען די בויד איז אַראָפּ פון דעם ערשטן בריקל און גענומען זיך טרייסלען אַף די אָפּגעגאַנגענע קרומע העלצער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אַף דעם שלעכט געהאַטעטן שליאַך, האָט זיך בונים אומגעקערט צו זײַן פאַרשוינדל און אים אַ זאָג געטאָן:

— איר זעט, פאַניטש, אָט דאָ בין איך געכטן שיר ניט דערטרונקען געוואָרן. אַ גליק, וואָס איך האָב זיך אַ נעם געטאָן לינקס, אַניט וואָלט איר שוין איצט קיין פור ניט געהאַט.

דער באָכער האָט פון די ווערטער אַ לאַך געטאָן אַפן קאָל קורץ, נערוועיש, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס לאַכט ניט אָפט, כאָטש פון דער נאַטור איז ער געווען אַ לעבמענטש און ווײַט ניט קיין פאַרציופּעטער. פּאָשעט, ניט שטענדיק קומט אויס פרײַ צו לאַכן, געוואָינט מען זיך אָפּ און מע פאַרגעסט.

— אויב אַזוי, האָבן מיר טאַקע אַ גאָט אין הימל,—האָט ער צווישן געלעכטער, וואָס האָט אים אַרויסגעשאָסן פונם מויל און פון די שוואַרצע אויגן, אָפּגעענטפערט אַפן אָרט.—ווער ווייסט, עפּשער וואָלט דאָס אײַך אויך אַביסל געווען געשאַדט.—ער האָט זיך אָפּגעוואָרפן מיטן גאַנצן קערפּער צו דער וואַנט פון דער בויד און געטאָן נאָך אַ פאָר פריילעכע נערוועישע לאַכעלעך.

דאָס, וואָס ער האָט צוריק אָפּגעענטפערט כאָטש וואָס סע גיט איז און איז ניט געזעסן אָנגעבלאָזן, ווי ס'גיט זיך אויס מיט אַ כאָשעווע פאַרשוינדל, וואָס דינגט פאַר זיך אַליין די בויד, איז בונימען געווען געפעלן. בונים האָט זיך געטראַכט—„ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין בויד ניט געדונגענערהייט; „רײַס אַ פּאַס און שמיר די שטיוול"—האָט ער זיך איבערגעכאַזערט אין קאָפּ זאָרעך-לייבס ווערטער וועגן גוטע פאַרשוינדלעך, וואָס טרעפן זיך אַמאָל. נאָר ער האָט דאָס אָפּגעשטופּט פונם געדאַנק. דאָס באָכערל איז אים מיט עפּעס געפעלן געוואָרן, צי מיט זײַן גרינגן פּאָשעטן האַלטן זיך, צי מיט דעם, וואָס ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעשטעלט אַף אים זײַנע שוואַרצע פריילעכע אויגן און זיי געהאַלטן אַ מינוט אַף בונימס פּאָנים מיט אַ מאַמזערישן שמייכל, וואָס קויפט אַוועק אַ מענטשן מיטאַמאָל. בונים האָט זיך צו אים אַנידערגעזעצט מיט אַ זײַט אין דער הויכער קעלניע און פון צײַט צו צײַט געשמועסט מיט אים פונם וועג.

— איך האָב נאָר מוירע פאַר אַ פאַלש טינטערל.—האָט בונים אים איינמאָל געזאָגט,—ווײַטער וועלן די פאָלישוקעס אַרויסשלעפן.—אַ שטילע גרוב, דאָס איז אַן אומגליק פאַר אַ באַלעגאָלע.

— וואָס איז אַזוי דער אומגליק?—האָט דער באָכער זיך אָנגערופן, וועלן מיר אַרויסשלעפן. אונטערוועגס טרעפט זיך אַלצדינג. איך האָב שוין אַף מײַן לעבן גענוג באַלעגאָלישע וואָגנס אַרויסגעשלעפּט.

אין וועג האָבן זיך די פערד אַלעמאָל צוגעשטעלט, שווער געסאָפּעט און געציטערט איבער דער גאַנצער הויט. בונים האָט זיי ניט געטריבן, אויסגעוואַרט, ביז זיי וועלן אַביסל אָפּרוען, זיך אָפּטרייסלען פון די שנייִקע וואַסערן און ווײַטער רירן. איינמאָל, ווען די פערד האָבן זיך צוגעשטעלט אין מיטן און האָבן ניט געוואָלט אַרײַנגיין אין דער צוגאָסענער ברייטער קאַלוזשע מיט שניי, געכראָפּעט און מיטן פעדערשטן פוס געגראָבן די וואַסער, האָט זיך דאָס פאַרשוינדל אַרויסגערוקט פון דער בויד און אַ זאָג געטאָן צו מאָלדעוואַנען:

— זיי האָבן מוירע אַרײַנגיין, טאָמער וואָלט איך אַראָפּגעגאַנגען?

— נישקאָשע, זיצט אײַך, ווי איר זיצט. ער מאַכט פונדיקעס, ער וועט אַרײַנגיין.

בונים האָט גענומען די לייצעס אין די הענט און געגעבן אַ בייטש דעם נאַטירעוואַטן פערד, וואָס איז באַ אים געבאַנגען פון לינקס, און די בויד האָט זיך ווייטער געריִרט אין וועג אַריין, אין איין וואַסער אַריַן, פון אַנדערן אַרויס, ביז זי איז געקומען אינם לאַנגן דאָרף און דאָרטן גענומען זיך אָפּרוען.

פויערים, וואָס זיינען געשטאַנען באַ די טויערן, זיינען צוגעגאַנגען צו דער בויד און געפרעגט דעם מאָלדעוואַן, ווי אַזוי איז דאָס פאָרן מיט דער פור. אין דאָרף האָט דער ווינטער אינגאַנצן געלאָזט, נאָר ווי אַזוי איז אין פעלד?

— אַ מוירעדיקער וועג,—האָט זיי מאָלדעוואַן דערציילט.—ווערט ער געשוואָלן. איך האָב שוין פאַרמאַטערט די פערד.

דאָס דאָרפישע קלייטל איז געווען אָפן, איז דער באָכער אַריינגעגאַנגען אַהין און דאָרט אָפּגעוועזן אייניקע מינוט. וואָס ער האָט דאָרטן געטאָן—האָט קיינער ניט געוווּסט. ס׳האָבן נאָר געוווּסט די עטלעכע דאָרפישע כעווּרע פון דער „ספילקע״, וואָס האָבן שוין פון אַ וואָך צייט געהערט, אַז אין שטאָט קומט אַראָפּ אַ מענטש, וואָס וועט זען אַזוי אויספלאַנעווען, ער זאָל זיך קענען אָפּשטעלן באַ זיי אין דאָרף כאָטש אַף אַ קורצן שמועס, האָבן זיי געוואַרט אינם קלייטל און האָבן זיך ניט אָפּגענאַרט: דאָס איז געווען ער.

די בויד איז געשטאַנען אין אַ זייט אַ פאַרשפריצטע און דורכגעווייקטע ביז העכער די רעדער. בונים האָט זיך דאַ דערוווּסט, אַז די באַלעגאָלעס האָבן זיך טאַקע אומגעקערט פונם מיטן וועג. אַ פויער איז נעכטן געגאַנגען פון שטאָט צופוס, האָט ער געזען די באַלעגאָלישע פורן, ווי אַזוי זיי האָבן פאַרקערעוועט און ניט געוואָלט ווייטער פאָרן. ס׳איז שוין געווען האַלבער טאָג, און פאָרן האָט מען נאָך געדאַרפט היפשלעך. בונים האָט פאַרשנירעוועט דאָס טאָרבעלע מיטן טעטין, וואָס עמעצער פון די דאָרפלייט האָט אים געגעבן צו פאַרויכערן, און דאָס דערלאַנגט צוריק דעם פויער.

— פאַניטשן—האָט ער א רוף געטאָן דעם באָכער אין קלייטל אַריין.—מיר וועלן פאָרן.

נאָר דער באָכער איז צו דער מינוט אליין שוין ארויסגעגאַנגען פון דער קלייט און זיך געלאָזט גיין צו דער בויד. דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט אָפּגעבן פון אונטער ד ע ר ה ע מ ד, האָט ער פליִנק ארויסגעשלעפט, אָפּגעגעבן און אין צווי ווערטער אָפּגערעדט זיך טרעפן אין שטאָט באַ בעריש דעם סטאָלער.

פאַנאַס דודאַ, וואָס האָט זיך אָנגעשמעקט מיט דער נייער לופט אין לאַנד צום ערשטן מאָל פון אַ קענטשאַפט מיט שאָלעם בלאוויסנע, ווען שאָלעם איז אַראָפּגעקומען אַף אַ שטיקל צייט נייען פעלצן אין דאָרף, האָט א כאַפּ געטאָן דאָס פעקעלע באַם באָכער פון די הענט אַזוי ווי אַ מאַלפּע כאַפּט אַ שטיקל צוקער. ער האָט עס טייקעף אַ רוק געטאָן צו זיך אין טאָרבע אַריין, ווו ער האַלט דאָס ברויט מיט דער העמד און מיטן קעמלע אַף צוקעמען זיינע בלאָנדע, געדיכטע, פאַטלע האָר אָפן קאָפּ. מיט דער איינציקער טאָרבע, פאַרוואָרפן אַף די פלייצעס, גייט פאַנאַס דודאַ אום פון איין עקאָנאָמיע צו דער צווייטער, פון איין דאָרף צום אַנדערן, זומער באָרוועס, מיט דער בלאָנדער פאַטלע אָן א היטל, ווינטער—אין אַ קורץ סוויטקעלע איבערגעבונדן מיט אַ שטריקל. ער איז אַ דאָרפישער מאַמזער און פון קינדווייז אָן אַ קיילעכדיקער יאָסעם. אומעטום, וווּהין פאַנאַס קומט, באָט ער זיך אָן אַף אַן ארבעט, נאָר אין אַ וואָך אָדער אין צוויי אַרום טרייבט מען אים גלייך דורך.

— וואָס טוסטו גאָרניט, פאַנאַס?—שרייט מען אף אים.—דו שפּילסט זיך אַ גאַנצן טאָג, ניט דו אַרבעסט.

— פכע...—ענטפערט דודאַ.—ווען איך זאָל וועלן אַרבעטן, האָב איך צו אַלדע-רוכעס אַרבעט באַ זיך אינדערהיים. איך בין געקומען אַהער געלט פאַרדינען... ווען ס׳לוינט ניט, דער וועט מיך ניט האַלטן.

און אַזוי האָט ער פאַר איין יאָר צייט געשאַפן אין געגנט די דאָרפישע אָרגאַניזאַציע „ספילקע״.

— שטייס, איך וועל צוקערעווען!—האָט אַ געשריי געטאָן מאָלדעוואַן, איר וועט אין אײַערע קאַלאָשן ניט אַרויס.

די גאָים, וואָס האָבן דערזען דעם פֿרעמדן שטאָטישן באָכער מיט די פּליטקע קאַלאָשן, ווי אַזוי ער שטייט אַף דער קלייט-שוועל מיטןברייטן הוט און מאַנטל און וויל איבערגיין אין די איידעלע שטיוועלעך דעם בלאָטיקן שליאַך, האָבן זיך הירושנדיק צעלאַכט.

— די שטיוועלעך איז גוט באַהאַלטן אַף פּייסעך.—האָבן זיי געשריגן.—באָרוועס איז בײַ אונדז בעסער דורכגיין די בלאָטע אין דאָרף.

דער באָכער האָט אויך אַ לאַך געטאָן מיט זיי איניינעם, קײַן קאַפּ ניט געוואָרן בערויגעז, גלײַך ניט פֿון אים האָט מען עס אָפּגעשפּעט מיט זײַנע קאַלאָשלעך, וואָס ער זעט אויס אין זיי, ווי אַ שאָלטיקל. ער האָט אונטערגעבויגן די הויזן און גענומען זיך רוקן מיט די פּליטקע קאַלאָשן צו דער פֿור.

— איך וועל אַזוי אויך איבערגיין,—האָט ער בעזאָגט צו די גאָים און אַ קוק געטאָן מיט די אויגן קלוג-מאַמזעריש.—אָט, זעט!

ער האָט אַזוי מעשונע-קעלבלש אַ שפּרונג געטאָן, אַז ער איז אַרויף אַף אַ שטיק בלאָטיק אײַז, פֿון דאָרטן אַף אַ צווייטן שטיק, ביז ער איז צוגעקומען צו דער בויד. ער האָט איבערהויפּט קײַן שום צערעמאָניעס פֿון אַ כאָשעוון פֿאַרשווינדל ניט געמאַכט, כאָטש אָנגעטאָן איז ער געווען גרויסשטעטיק און פֿאַר דער פֿור האָט ער זיך ניט געדונגען.

בונים מאָלדעוואַן האָט דאָס טיף אין זיך באַמערקט, כאָטש, פֿאָרט, קערפּערלעך-נישטיק איז ער פֿונדעסטוועגן געווען ביז צום לאַכן. באַזונדערס, דאָס אונטערהינקען, און די שאַרפֿע לאָפּאַטקעס, וואָס האָבן בײַ אים אַרויסגעטאַרטשעט אַף דער פּלייצע פֿון אונטער דעם מאַנטל, ווי בײַ אַ דאַר יאַריק געגדול, נאָכדעם, אַז די באַלעבאָסטע האָט בײַ דעם אַרומגעפּליקט די פֿעדערן און דאָס אָפּגעלאָזט אין גאַס, סע זאָל זיך צוהאָדעווען ביז דעם ווינטער. אַמאָל האָט בונים פֿון דער קעלניע בעגעבן אַ קליין שמיצל מיט דער בײַטש אַזאַ אַ גענדזל אַפֿן וועג, האָט עס זיך אַפֿן אָרט פֿאַרדרייט און איז קאַם אופֿגעשטאַנען אַ לעבעדיקס.

דער וועג פֿון וואָקזאַל איז דעם פֿרעמדן באָכער געווען באַקאַנט, און פֿאָרנדיק ווײַטער, האָט ער אַף אַ ווײַלע זיך אַרויסגערוקט פֿון דער בויד און געזאָגט צו מאָלדעוואַנען:

— שוין די ווינט-מיל? אַ יאָ, פֿונדאַנען רעכנט זיך צו דער שטאָט ניט מער, ווי אַ ווערסט פֿערצן-פֿופֿצן?

אין קלייטל האָט ער געקויפֿט ווײַסע בולקע און עפּל און דאָס דערלאַנגט בונימען.

— נעמט פֿאַרזוכט. יאָ, און ווי אַזוי רופֿט מען אײַך? איך האָב דעם גאַנצן וועג געוואָלט זיך דערמאָנען און ניט געקענט.

מאָלדעוואַן האָט זיך פֿון די ווערטער אַ קערעווע געטאָן צוריק צום פֿאַרשווינדל אין בויד און אָנגעשטעלט אַף אים זײַנע אָפּגעפֿרעמדטע כאַיעשע אויגן מיט די געלע רייפֿעלעך אין דער טיף. עפּעס האָט אים אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן און אַ ווײַטער פֿאַרבאָרגענער געדאַנק האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַרײַן. דער באָכער איז אים געווען עפּעס ווי קענטלעך פֿון דער ערשטער מינוט, ערגעץ האָט ער אים שוין איינמאָל געזען, נאָר אַזוי פֿאַרהוילן און מיט אַ זײַט, אַז ער איז אים אינגאַנצן אַרויס פֿון זיקאָרן.

— פֿונוואַנען קענט איר דען מיך?—איך בין דאָ אַ פֿרעמדער...—האָט בונים פֿאַרכידעשט געפֿרעגט, און אין דער מינוט, ווי דער באָכער האָט זיך אַ קנייטש געטאָן, האָט ער שוין געוואָלט כאַפּן צוריק.

מאָלדעוואַנען האָט אַזש אַ קיל געטאָן בײַ די פּיס.—גלאָמפּ!—האָט ער אַף זיך אליין אַ געשריי געטאָן אין געדאַנק. בײַ שימעלעכן אין הינטערשטיבל האָב איך אים איינמאָל געזען. נאָר דעמלט איז ער געווען אַ געלער און מיט אַ בערדל. דאָס האָט מאָלדעוואַן גוט געדענקט,—אַ געלער מיט אַ בערדל, אַרומגעשוירן מיט צוויי שפּיצן.

— איך קאָן אײַך,—האָט דער באָכער געזאָגט שטיל, מיט הוילע ליפּן.—זומער האָב איך אײַך איינמאָל געזען. איר האָט שאַבעס באַטאָג געבראַכט צופירן דעם דאָקטער צו אידאשקע דער בעקערן. איר ייִנגעלע מיטן פאַרקלעפּטן טויבן אויער האָט זיך אָנגעגעסן מיט אָפּגעלאָשענע קוילן פונם טאָפּ, איר געדענקט דעם גוואַלד, וואָס איז געוואָרן אין שטאָט? זײַנט איר אַוועק מיט דער פור נאָך קריזשעווסקי דעם דאָקטער און האָט אים אָפּגעראָטעוועט.

דער קאָפּ באַם מאָלדעוואַן איז געוואָרן פול מיט רויך, ווי אַמאָל, ווי לאַנג שוין, ווען ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אַרופגעזעצט צו זאָרעך-לייבן אַף דער פור. עפּעס האָבן אים די עטלעכע ווערטער, וואָס דער פרעמדער באָכער האָט אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרבאָרגענעם סאָד, אויך אין אים אַרײַנגעוואָרפן אַ שטילן שטאַרקן סאָד. די גאַנצע כעוורע פון די ברידער און שוועסטער, וואָס ער האָט געזען יענעם פאַרנאַכט באַ שימעלעכן אין הינטערשטיבל, איז איצט געוואָרן פאַר אים אַזוינס, וואָס בונים האָט זיך ערשט אַצינד גענומען אָנשטויסן ווי סע געהער צו זײַן.

— אויב אַזוי, האָב איך אײַך אויך געזען,—האָט בונים געזאָגט צו זײַן בלאָס-איידעלן פאַרשוינדל, קוקנדיק אַף אים מיט די געלע רייפעלעך אין די אויגן. באַ זיך איז ער שוין געווען זיכער, אַז יענער געלער יונגערמאַנטשיק מיטן בערדל איז געווען ער, אָט דער באָכער, וואָס זיצט באַ אים אין בויד, כאָטש איצט איז ער גאָר אַ שוואַרצער. שוואַרצע האָר אונטערן הוט, שוואַרצע ברעמען, וואָס גייען זיך צונויף, ווי אַ ווערימל איבער דער נאָז. דעמלט האָט ער גאָרניט באַמערקט, אַז ער הינקט אַביסל אַף איין פוס, נאָר מיסטאָמע איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס ער איז געשטאַנען באַ דער טיר און זיך ניט גערירט פונם אָרט.

די פערד זײַנען געגאַנגען אונטערן באַרג פּאַמעלעך. אַפן שליאַך, כוץ אָט דער איינוויינציקער בויד, איז קיין איין נעפעש ניט געווען. דער שוואַרצער איידעלער באָכער האָט זיך אַ בויג געטאָן פון דער בויד צו בונימס פּלייצע און אים אָנגערירט מיט דער האַנט באַם אַקסל.

— כאָווער,—האָט ער צו אים פּלוצים אַ זאָג געטאָן, נאָר אזוי, ווי ס׳טרעפט זיך מע זאָגט צו אַ פרײַנט אין אַ גרויסער סרייפע, אָדער ווען מע בלאָנדזשעט ווינטער באַנאַכט אין אַ שניי און מע הויבט אָן פאַרפרוירן ווערן.—איר מוזט וויסן, ווען איר פירט, ניט קאָשע, איך פאַרגלויב זיך אַף אײַך. איר פירט געראָסימען!—און ער האָט זיך אָפּגעוואָרפן צוריק אין דער בויד אַרײַן.

ס׳איז געווען סאַמע אונטערן באַרג. דער וועג איז דאָ אינגאַנצן געווען פאַרשווענקט. די פערד האָבן זיך צוגעשטעלט און גענומען אַראָפּטרייסלען פון זיך די שלייעס. נאָר בונים האָט איצט גאָרניט ניט געזען. ער האָט נאָך אַלץ געפילט אַפן אַקסל דעם באָכערס האַנט, וואָס, אַז ער האָט זיך מיט איר צוגערירט צו אים, האָט זי געציטערט. די ווערטער האָבן צום איבעריקן צערודערט בונימען דאָס האַרץ.

דער שוואַכער באָכערל מיט די שטיוועלעך און פאַרבויגטע הויזלעך איז אים מיטאַמאָל אַרײַנגעקראָכן טיף, טיף אין דער נעשאָמע און איז אים געוואָרן שטאַרק טייער, מער ווי אַ פרײַנט, מער ווי אַ ברודער. ער האָט זיך צו אים איבערגעבויגן אין בויד אַרײַן, האָט אים געוואָלט אָנעמען פאַר דער האַנט אָדער צופאַלן אים צו די פיס.

— ליבער פרײַנט!—האָט ער צו אים געזאָגט.—און האָט זיך אַ צי געטאָן צו זײַן אַרבל.—איך בין דאָ אַ פרעמדער, קיינעם האָב איך דאָ ניט פון קיין אייגענע. האָט ניט קיין מוירע, אַ פּאָליִשוק קאָן אַזוינס ניט טאָן.

די פערד האָבן זיך דערווײַל שוין אינגאַנצן צוגעשטעלט און זיך גענומען אויסטאָן פון דעם שפּאַן. בונים האָט זיך צו זיי ניט אומגעקוקט. אַלע קוואַלן פון געטרײַשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו עפּעס אַ זאַך, וואָס זײַנען שטענדיק אין אים געווען, אַלציינס, וואָס

פֿאַר אַ זאַך דאָס איז—אַן אַרבעט, אַ מענטש אָדער אַ כאַיע אין הויף, וואָס זי איז צום האַרצן, האָבן זיך איצט אין איִם ברייט אופֿגעעפֿנט, און אַ בענקשאַפֿט האָט איִם די פֿאָ-לעסיער געבליבן אָנגעצונדן.

— איך בין אַ פֿאַליִשוק... אַ גראָבער ברודער, נאָר אַ מענטשן קאָן מען פֿאַרשטיין,—האָט בונים צו איִם געטיינעט. ער האָט געפֿילט, אַז דאָס איז ווייניק, אַז עפּעס דאַרף מען אַזוינס זאָגן, דאָס האַרץ זאָל פּלאַצן, נאָר ער האָט ניט געוווסט, ווי אַזוי זאָגט מען באַ די כעוורע.

דער באָכער אין בויד האָט דאָס באַלד דערפֿילט. די קראַפֿט פֿון זיין וואָרט און באַנעמען זיך מיט רויע יונגע מענטשן, וואָס גייען ערשט אַף דער וועלט און מע קען זיי קערעווען וווהין מע וויל, האָט גערזאַסים שוין גענוג מאָל אויסגעפּרווט.

ניט אומזיסט האָבן אַפֿילע די פֿאַראַקשנטע קעגנער פֿונם „בונד” געזאָגט וועגן גראַ-סימען:—„מיט זיין פּראָגראַם וועט אונדז גערזאַסים קיינמאָל ניט איבערציִיגן. נאָר גייט ער אַרויס און שטעלט זיך אַוועק זאָגן, פֿאַרגעסטו אין אַלצדינג און לאָזט זיך אייַנריידן אַ קינד אין בויך”.

— שווערט מיר, כאַווער!—האָט ער גלייַך געזאָגט צו בונימען.—שווערט מיר, אַז פֿון דער מינוט אָן ווערט איר אונדזערער.

— ליבער פֿריינט!—האָט מאָלדעוואַן געזאָגט, געוואָלט עפּעס אַנדערש זאָגן און ניט געוווסט וואָס.—מייַן טויט זאָל זיין, איר פֿאַרשטייט, אומזיסט צו ריידן...

גערזאַסים האָט אויסגעצויגן זיין דינע, ווייַסע האַנט און זי אַ שטופּ געטאָן בונימען, נאָר בונים האָט זי ניט באַמערקט.

— וואָס-זשע ווייַנט איר, כאַווער?—האָט גערזאַסים זיך אָנגערופֿן.—מע דאַרף ניט ווייַנען.—איך האָב אייַך פֿאַרגעדענקט זייער גוט פֿון יענעם שאַבעס באַטאָג מיטן דאָקטער. מע האָט מיר שוין נאָכדעם פֿון אייַך דערציילט, איך זע, איר וועט זיין אַ כאַווער.

דעם גאַנצן וועג נאָכדעם האָט מאָלדעוואַן ערגעץ טיף אין זיך געכליפּעט און גע-פֿילט, ווי דאָס האַרץ רינט איִם אויס און צעגיסט אין איִם מיט הייסע שטראָמען. ער האָט געטריבן די פֿערד אָן אַ שליאַך, גלייַך אין די וואַסערן אַריין, און אַלע מאָל זיך פֿאַרבויגט אין בויד אַריין, און די רייד, וואָס גערזאַסים האָט איצט צו איִם גערעדט, פֿאַרנומען מיט אָפֿענע באַנייַטע כושים. בונים האָט זיך דערוווסט, אַז אין שטאָט פֿאָרט גערזאַסים שוין דאָס דריטע מאָל, דאָס ערשטע מאָל האָט איִם געבראַכט גלייַך פֿון קיִעוו מיט אַ פֿור בעריש דער סטאָלער. פֿאַראַיאָרן אין דער צייַט איז דאָס געווען. דעמלט האָט ער צום ערשטן מאָל געשאַפֿן צווישן די אַרבעטער די אָרגאַניזאַציע. אַ קלייניטשקע איז זי נאָך דעמלט געווען. סאַכאַקל עטלעכע און צוואַנציק מענטשן. איצט איז שוין אַסאַך, זייער אַסאַך. נאָר אָט איז ער, מאָלדעוואַן, צוגעקומען, וועט שוין זיין מיט איינעם מער.

— אַזוי צו ביסלעכווייַז, צוביסלעכווייַז,—האָט גערזאַסים גערעדט—וועלן מיר פֿאַרנעמען אונטער אונדזערע פֿליגל די גאַנצע אַרבעטער אין שטאָט. אין די דערפֿער גייט שוין אויך אַ גוטע אַרבעט. אַז ס'וועט אַ קלוגג טאָן דער גלאָק—וועלן מיר שוין האָבן גרייט דאָס גאַנצע לאַנד... מיט איין זעץ וועלן מיר אַראָפּהאַקן די קרוין אינייַנעם מיטן קאָפּ—און אַ סאָף צו דער פּאַסקודסטווע...

אין שטאָט איז די בויד געקומען, ווען אינדרויסן איז שוין געווען פֿינצטער. בונים האָט שוין אומיסטן געפֿירט די פֿערד אַרום און אַרום, קעדיי צו קומען וואָס שפּעטער אינ-אָוונט. עטלעכע ווערסט פֿאַר דער שטאָט האָט בונים אַראָפּגענומען די גלעקער באַ די פֿערד און גלייַך פֿון דער סלאָבאָדע פֿאַרקערעוועט ניט אַף לינקס, ווי מע דאַרף, נאָר גאָר אַף רעכטס, צום סקאַטשישטשער וועג, קעדיי צו אָנקומען צו דער שטוב אונטנאַרום, מיט די וויסטע גערטנער. ער האָט אָפּגעשטעלט די בויד אין דער גאָישער גאַס לעבן אַ באַקאַנ-טער שטוב.

געראַסים, וואָס איז באַם אַרײַנפאָר אין דער סלאָבאָדע געזעסן טיף אין בויד, אָנגעטאָן פונויבן אַפן שטאָטישן מאַנטל זאָרעך-לייבס צעריסענעם לאַנגן שאָפּן-פעלץ, וואָס מאָלדעוואַן האָט אים אַרויסגענומען פון דער קעלניע און איבערגעגעבן אים אין בויד אַרײַן, האָט זיך דערשראָקן און שטיל געפרעגט:

— כאַוועך, נאָך וואָס שטעלט איר זיך צו? פאָרט ווײַטער.

דער פאָלישוק איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט דער אָרגאַניזאַציע ברענגען גרויסע נוצן, נאָר ער איז דאָך רוי, פון שטרענגער קאָנספּיראַציע ווייסט ער ניט. בונים האָט עפעס צו אים אַ מורמל געטאָן און פאָרט אָפּגעשטעלט די פור. ער האָט געוווסט, וואָס ער טוט.

— סטעפאַן!—האָט בונים אַ רוף געטאָן דעם פויער, וואָס האָט אין אַ הוילער העמד און אָן אַ היטל צונויפגעלייגט האָלץ אַפן הויף.—עפשער האָסטו עפעס אַ בינטל היי? זאָרעך-לייב האָט געבעטן, דו זאָלסט אים כאָטש וויפל ס'ניט איז אויסלײַען.

דער פויער האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט און, ניט רירנדיק זיך פון אָרט, געזאָגט:

— היי? איך ווייס, מע דאַרף געבן.—און אַ שטריק האָסטו?

— ניין, זאָל די בויד אַ ווײַלינקע שטיין דאָ לעבן דיר, איך וועל באַלד ברענגען אַ שטריק.

בונים איז מיט איין שפרונג אַראָפּגעשפרונגען פון דער קעלניע און פאַרשוווּנדן אין געסעלע. ער האָט געוווּסט, אַז דאָ אין בלאָטיק-שמאָלן געסעלע וועט די בויד מיט גערא־סימען זײַן געזיכערט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צו בעריַשן, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך פון דעם אַנטקעגנדיקן גאָרטן באַוויזן צוויי פאַרשוינען, איבערגעקראָכן דעם פלויט און צוגעקומען גלייך צו דער בויד, וואָס איז געשטאַנען אין פוסטן געסעלע איינע אַליין.

דער באַלעבאָס איז שוין אין הויף ניט געווען. ער האָט אַרײַנגעטראָגן האָלץ אין שטוב אַרײַן און געוואַרט אַפן מאָלדעוואַן, וואָס איז אַף גיך אַוועקגעלאָפן נאָך אַ שטריק. און ווײַטער איז אין גאַנצן געסל געווען פינצטער און שטיל. ערגעץ האָט גענודעט אַ כאָזער אין געפלאָכטן נידעריק שטעלכל און אַלץ זיך ניט געקאָנט אײַנלייגן אַף נאַכט אין בלאָטיקן מיסט. מער איז דאָ קיין איין איבעריקע באַוועגונג ניט געווען.

געראַסים איז מיט זיכערקײַט אַרויסגעגאַנגען פון דער בויד און אַוועק צוריק מיט בעריַשן אַף דעם גאָרטן.

II

געראַסים איז געזעסן פאַרוקט אין אַ ווינקל פון שטוב אַפן סאַמע עק פונם סטאָלערשן וואַרשטעט, אַראָפּגעלאָזט די שטיוועלעך מיט די פליטקע קאַלאָשן צום דיל. אַרום אים אַף די היבלענקעס, אַף שטיקער שאַפעס און ניט געענדיקטע זאַכן זײַנען געזעסן די כעוורע פונם קאָמיטעט און האָבן זיך אײַנגעהערט אין זײַן קאָל.

דאָס איז געווען אַ זײַטיק יערושע-שטיבעלע באַ בעריש דעם סטאָלער, וואָס איז פאַרוקט אין דער גאָישער גאַס אַרײַן אונטער די גערטנער. זײַן מאַמע, רייזע-פרומע די באָבע, אַ ייִדענע מיט אַ בויך, מיט שוואַרצע ברעם אַ פינגער די גרעב, אַ טונקעלע, אַ ברייטע, מיט פעטע סמאַלע-אויגן האָט זיך הײַנטיקן האַרבסט נאָכאַמאָל זיך אָפּגעשלאָגן מיט איר טאַכשיט, שנייער דעם שינדער, וואָס זי האָט ניט אַרײַנגעלאָזט זיך אַרײַנזועצן צו זיך אין שטוב, אַזוי ווי זי האָט ניט אַרײַנגעלאָזט אירע עלטערע פיר זין, וואָס זיי זײַנען שוין איצט אין אַמעריקע. רייזע-פרומע ווייסט, אַז בעריש איז דער עלטסטער באַ די „ברידער און שוועסטער", זי ווייסט, אַז איצט איז אַראָפּגעקומען אַ פרעמדער יאַט, געראַסים הייסט ער, נאָר זי איז רויק. זי זיצט זיך איצט באַ אַ שכיינע, די פולע ווייכע הענט האָט זי אלמאַניש פאַרלייגט אַף דער הויכער ברוסט, און אַלע מאָל רײַסט זי איבער דעם שמועס

מיט אַ געלעכטער, וואָס איז נאָך יונג און פֿריש, ווי באַ אַן אַנדער מיידל. אַלע קנייטשן אַף איר פֿולן געקאַרבטן האַלדז ווערן איר רויט, אַזוי לאַכט רייזע־פֿרומע געשמאַק מיט אַלע איירורים. אַז זי לאַכט זיך אויס, נעמט זי מיטן פֿאַרטעך און ווישט זיך גוט אויס די טרערן פֿון די אויגן.

דער פֿענצטער אין הינטערשטיבל קוקט אַרויס צום שטעלכל. אַז מע קריכט דאָרט דורך דורך אַ לאָך אין פלויט, גייט מען גלייך אַרויס אַף די גערטנער. ער איז פֿאַרהאַנגען מיט רייזע־פֿרומע דער באָבעס שאַל. אַ לעמפל ברענט האַלב איינגעדרייט אַף דער וואַנט און באַלייכט די גרויסע, געשמירטע דירע, ווו מע אַרבעט ווינטערדיקע סטאָלעריי—אַביסל, ווייל מע דאַרף טאַקע צום לעבן, נאָר דעריקער, ווייל אין דעם שטיבל גייען זיך צונויף אַלע פֿעדים פֿון דער אָרגאַניזאַציע. איצט האָט זיך אַהער פֿאַרקליבן דער קאָמיטעט אויסהערן אַ באַריכט און באַקומען די נויטיקע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו פֿירן די אַרבעטער אַף ווייטער.

אינדרויסן טריפֿט נאָך אַלץ אַ רעגן. דער רעגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק מיט שטיקער געלע פֿאַרזשאָווערטע וואָלקנס, ווי פֿאַרבלוטיקטע גראָבע פֿעל, אַראָפּגעשווענדענע פֿון זעלטענע כאַיעס איבער די דעכער, איבער דער גאַנצער שטאָט און רינט אַראָפּ אין די קאַלוזשעס. אַ ווינטל בלאָזט פֿונויבן, קימאַט אַ פֿאַרפֿורעמדיקס, אַ פֿוילס, סע טרייבט אַריין דאָס פֿינצטערע געסל אין אַ טיפֿער סליאָטע, נאָר אַצינד איז דאָס גראָד גוט.

גערעַסים זיצט פֿאַרוקט אין אַ ווינקל, אַלע מאָל צעשפּילעט ער אַף זיך אַ נייעם זשילעט און ציט אַרויס פֿון פֿאַרבאָרגעניש נייע וויכטיקע בלעטלעך.

— אָט דאָס, כאַווירים,—זאָגט ער שטיל, אַריינדרינגנדיק אַלעמען אין דער נעשאָמע.—אָט דאָס איז פֿון ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע. דאָרט האָט אונדזער פּאַרטיי די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע, עטלעכע טויזנט מאַן. און דאָס איז פֿון דער בערדיטשעווער. איצט קום איך טאַקע אָן פֿון דאָרטן. דאָרט איז דאָס פֿאַראַן יאַטן—פֿלאַם־פֿייער!

גערעַסים לייענט פֿאַר פֿון די פּאַפּירלעך און פֿאַרטייטשט פֿאַר די באַכערים יעדער וואָרט.

— איר זעט,—זאָגט ער,—אונדזערע כאַווירים אַרבעטן. אומעטום וואַקסט אונדזער פּאַרטיי. און איר דאַרפֿט זען, אַז אויך דאָ זאָלן זיך אַלע יידישע אַרבעטער אָרגאַניזירן אין דער פּאַרטיי. דאָס געווענדט זיך אַסאַך פֿון אייך, כאַווירים. אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף שטענדיק זיין אַ רעוואָלוציאָנער. מ'דאַרף זיך נעמען ענערגיש קעמפֿן. אומעטום האָט זיך אונדזער אַרבעט אַ רוק געטאָן פֿאָרויס, טאָרט איר אויך ניט בלייבן פֿונהינטן.

די כעוורע הערן זיך איין. פֿון אויפֿרעגונג דרייען זיי זיך אַף די שטיקער מעבל און קראַצן זיך אין די קעפּ. אַלע זיינען זיי דאָ, אין סטאָלער־שטיבל. בעריש האָט זיי פֿאַר איין שאָ צייט געגעבן אַלעמען צו וויסן, דער אָוונט איז אַ פֿאַרכוישעכטער, האָבן אַלע זיך געקאָנט גרינג צונויפֿקלייבן.

פֿריער פֿון אַלע איז געקומען אַווראַמל מיט דער מיליצע, ער איז געקומען גלייך פֿון דעם שוסטער־בענקעלע, מיט דעם פֿאַרטעך פֿאַרקאַטשעט אונטער דעם פּידזשאַק און האָט זיך אַנידערגעזעצט צו גערעַסימען נעענטער פֿון אַלע.

— כאַווער גערעַסים!—זאָגט אַווראַמל, און שטעלט זיך אויף פֿון דער קופּע היבלינקעס.—איך טיינע מיט זיי די גאַנצע צייט: מאַסאָווקעס! מיר דאַרפֿן אָפּטער מאַכן מאַסאָווקעס...

ער איז אין קאָמיטעט דער סאַמע היציקער, דער ברען, אַלע רעגע וואָלט ער געקראָכן מיט דער מיליצע אין פֿייער אַריין.—נאָר וואָס קאָן איך איינער אַליין טאָן?—זאָגט ער מיט אַ פֿאַרביטערטן פּאַטאָס צו גערעַסימען.—די מאַסן זיינען באַ אונדז שטאַרק אָפּגעשטאַנען. אונדזער קאָמיטעט איז אין אַלצדינג שולדיק. אין שטאָט זיינען דאָ גאַרבערס, וועבער און אַרום אין געגנט זיינען פֿאַראַן טאַנדעטניקעס אין די הונדערטער. באַ אונדז

אַרבעט מען נאָך ביז אַף היינטיקן טאָג צוועלף און פֿופֿצן שאָ. איך פֿרעג אייַך, פֿאַרוואָס זאָל מען די מאַסע ניט אָרגאַניזירן אַרום די טאָגטעגלעכע עקאָנאָמישע פֿראַגן, וואָס זיי זייַנען דעם אַרבעטער מער פֿון אַלץ פֿאַרשטענדלעך?

אַוורעמל האָט זיך אַליין שטאַרק צעהיצט פֿון זייַנע ווערטער. ער שטייט שוין אין־גאַנצן אין מיטן שטוב אָנגעשפּאַרט אַף דער מיליצע, און דאָס פּיסל, וואָס איז קרום און קורצער פֿון דער געזונטער פֿוס אַף אַ דריטל, איז אָנגעטאָן אין אַ שיינעם נייַעם אויסגעטאָקטן קאַמאַש און באַמבלט זיך אַרום דער מיליצע.

באַלד נאָך אים טרעט אַרויס, ווי שטענדיק אַף אַלע זיצונגען פֿונם קאָמיטעט, שאָלעם בלאַוויסנע, זייַן פֿאַרביסענער קעגנער אין דער אָרטיקער טאַקטיק. ער טוט זיך אַ הויב מיט קאַעס און רעציכע פֿון דער איבערגעקערטער שאַפֿע, אַף וועלכער ער איז ביז אַהער געזעסן.

— כאַווער!— זאָגט ער צו געראַסימען.—און איך זאָג, אַז קעמפֿן דאַרף מען פֿריער מיט די אַרבעטער אַליין. מיט גוטנס וועט איר מיט זיי גאָרניט ניט מאַכן. נעמט דאָס אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט. אָט זיצן דאָ די צוויי קליינע יאַטלעך, אַרעלע און רוועלע. זיי האָבן אַף זיך גענומען אַלע אַפּדערנאַכט גיין פֿון שטוב צו שטוב און אַראָפּנעמען די אַרבעטער. פֿרעגט באַ זיי, וואָס מוזן זיי טאָן? שלאָגן מוזן זיי! דאָ נעמען זיי אַראָפּ, און דאָרט זעצן זיך די אַראָפּגענומענע צוריק אַוועק צו דער אַרבעט. באַ אונדז איז אַ פֿאַרשאָלטענע שטאָט. באַ אונדז ציטערן נאָך די אַרבעטער פֿאַרן באַלעבאָס. אָט וואָס מע באַדאַרף באַטראַכטן. מאַסאָווקעס איז גוט, אָבער דאָס איז ווייניק. מע דאַרף צערייצן די אַרבעטער, זיי זאָלן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל נעמען אין די הענט זייערע באַלעבאָטים, וואָרעם טאָמע עפּעס, סטראַשעט מען אונדז מיט מאַנדריגען, מיט אונדזער טאָטערל. איך זאָג, אַז איר דאַרפֿט פֿריער פֿאַר אַלץ אונדזער אָרגאַניזאַציע צעוואָרעמען. זאָל מען אַביסל ווייניקער זיך גערדזגען אין די אַלקערס. אויב רעוואָלוציאָנערן, איז געאַרבעט, עלע ניט, וועט באַ אונדז גאָרניט ניט זייַן. אין אַלע שטעט וועט זייַן רעוואָלוציע, און דאָ וועט זייַן מאַנדריגע דער טאָטער.

אַ הויכער, אַן אייַנגעבויגענער אין די פּלייצעס איז שאָלעם בלאַוויסנע, און אין די געבויגענע פּלייצעס איז ער געווען אַ גיבער. ער איז געווען אַ פעלצנקירזשנער, וואָס האָט איניינעם מיטן פֿאָטער, פונקט אַזאַ מין הויכן און גיבער, ווי ער אַליין, געאַרבעט פעלצן איבער די דערפֿער. ער פֿלעגט דעם טאַטן זייַנעם, דעם לאַנגן שוואַרצן ייִד, אַז מע האָט געדאַרפֿט, ניט זשאַלעווען קייַן פּאַטש אויך. ער האָט שטענדיק גענעכטיקט אַפֿן דאָרף מיט די שיקסעס, און ערשט פֿאַרטאָג פֿלעגט ער זיך אומקערן צוריק צו דער אַרבעט.

געראַסים האָט זייַנע רייד אויסגעהערט שטיל, מיט איינע אויגן, וואָס האָבן אים געלויכטן פֿאַרטראַכט פֿונם ווינקל, ווי באַ אַ קאָטער אינדערפֿינצטער אַפֿן אויוון.

„כאַווירים!—האָט זיך אים געגלוסט, אַז בלאַוויסנע האָט געענדיקט, אַ געשריי טאָן,— ס'איז אַ שאַנדע פֿאַר אונדזער פּאַרטיי. איר האָט געטרייַע אַרבעטער און פֿאַרלאָזט די צייַט. נאָר ער האָט געשוויגן און געוואַרט, וואָס ווילן זאָגן אַנדערע.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מען דאָ אָפּגעזעסן אין הינטערשטיבל און מע האָט גערעדט. סע איז געבליבן, אַז אַף מאָרגן זאָל מען אַראָפּנעמען אַלע אַרבעטער פֿון דער אַרבעט פונקט אַכט אַזייגער. די מאַסאָווקע וועט פֿאָרקומען דעמזעלביקן אָוונט.

בעריש, וואָס איז מער פֿון אַלע געווען אָנגעלייענט, ניט אומזיסט האָט מען אים גערופֿן „דער עקאָנאָמישער יאַט", האָט אויך אייַנגעשטימט.

— די כאַווירים זייַנען גערעכט,—האָט ער געזאָגט, ווי אַן עלטערער, וואָס דאַרף זייַן ווייך־נאָכגיביק מיטן וואָרט, נאָר האַרט אין דעם, וואָס ער דאַרף זאָגן.—אַפּילע אַוורעמל איז אויך גערעכט, אָבער, איר ווייסט דאָך, מיטאַמאָל קאָן מען ניט. ס'איז ניט קייַן מעציע אומברענגען די אָרגאַניזאַציע. וואַרט צו ביז נאָך פּייסעך, מיר הויבן ערשט אָן, דעריקער דאַרף זייַן די אָרגאַניזאַציע. די אַרבעטער וועלן סאָפּקאָלסאָף אַליין צוקומען. וואָס מיינט איר, אייביק וועלן זיי מוירע האָבן פֿאַר די באַלעבאָטים?

רייזע-פֿרומע די באָבע האָט זיך שוין געהאַט אומגעקערט פֿון דער שכיינע צוריק צו זיך אין שטוב. זי איז געזעסן איינע אַליין באַם צוגעדרייטן לאָמפּ. ריין איז בײַ איר געווען אין שטוב, פֿון אַלע ווינקעלעך האָט דאָ געשמעקט מיט אײַנגעבוירענער ציכטיקײַט. זי איז עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אין דער קליינער פּירהויז, דאָרט איז געווען אָנגעשטעלט אויסגעאַרבעטע סכוירע, האָט זי זיך אָוועקגעשטעלט אונטער דער טיר. זי האָט געהערט, אַז איר בעריש רעדט צו דעם פֿרעמדן כאַווער. אָט האָט בעריש אופֿגעהערט צו ריידן. און ווידער האָט אָנגעהויבן ריידן דער פֿרעמדער. זי איז דאָ געשטאַנען אין הויז הינטער דער טיר, זי האָט געהערט, אַז אינדרויסן קאַפּעט דער רעגן, אַ פֿינצטערניש ליגט דאָרט אַרום און אָרום ביז די גערטנער. פֿון די גערטנער הויבט זיך אָן די שטאָט און נאָך דער שטאָט גייט די דײַטשישע גאַס. מאַנדריגע דער טאָטער זיצט אַף דער דײַטשישער גאַס. דאָרט איז זײַן שטוב מיט די רײַכע טעפּיכער אַף די ווענט און אַף דער געזייפּטער פּאָדלאָגע. די לאָדנס זײַנען דאָרט טאָג און נאַכט צוגעשלאָסן צו דעם נידעריקן פֿאַרלאָזטן גאָרטן.

מיט איר גאַנצן אָנגעשטרענגטן מיטער-געמיט האָט זי געהאַלטן אין קאָפּ דעם פֿאָרכטיקן שטעך, וואָס ליגט אין דער רעגנדיקער פֿינצטערער נאַכט צווישן איר שטיבל און דער שטוב אַף יענער זײַט שטאָט. מאַנדריגע דער טאָטער רעדט אַצינד געוויס וועגן דעם קאָמיטעט און וועגן איר בערישן, וואָס איז קלוימערשט אין דעם אַלעמען שולדיק.

רייזע-פֿרומע איז אַרײַנגעגאַנגען צוריק פֿון פּירהויז אין איר ריינער אַלמאָנישער שטוב מיט דער געלער, געשמירטער ליימענער פּאָדלאָגע. די פּאָדלאָגע איז דאָ פֿאַרשפּרייט מיט לײַװנטענע סטעזשקעס, וואָס די גויעס האָבן געבראַכט דער באָבען אַ מאַטאָנע. דאָס איז געווען גראָבע לײַװנטענע האַנטעכער מיט רויטע און געלע פּאַסן. רייזע-פֿרומע האָט זיי אויסגעשפּרייט פֿאַר סטעזשקעס אַף דער ריינער געשמירטער ערד אין שטוב.

אַפֿן טיש איז געשטאַנען אַ טעלער, צוגעדעקט פֿאַר בערישן. רייזע-פֿרומע האָט אָנידערגעלייגט לעבן טעלער אַ גאָפּל, אַוועקגעשטעלט אַ בלאָ-גלעזערן זעלצערל מיט זאַלץ, אַרויסגענומען פֿון שאַפֿקעלע דאָס ברויט, אַוועקגעלייגט אַפֿן טיש און האָט זיך גענומען אויסבעטן די בעט צום שלאָפֿן.

III

בונים האָט פֿאַרפֿירט די בויד אין שטאַל אַרײַן גלײַך ווי שטענדיק. פֿאַמעלעך אויסגעשפּאַנט די פֿערד און זיי אַוועקגעשטעלט אַף זייער אָרט. ס'האָט אים נאָר געמאַכט אין קאַעס דאָס, וואָס זאָרעך-לייב פֿאַרלאָזט זיך שוין מיט דער גאַנצער אַרבעט אַף אים, און אַליין אָדער ער גייט מיטן בעזעמל אין באָד, אָדער ער ליגט אַ גאַנצע טעג בײַ שימעלעכן אין שענק אַף דער באַנק און דערציילט מײַסעס. וואָס האָבן מיט אים אַמאָל פּאַסירט. מע לאַכט דאָרט פֿון אים—„איר זײַנט אַף דער עלטער, זאָרעך-לייב, געוואָרן אַ רעכטער פּאַליזעצער"—זאָגט מען אים גלײַך אין די אויגן, ווײַל יעדער שמײַסער-יינגל פֿילט, אַז ס'איז אין זײַנע מײַסעס ניטאָ קיין וואָרט עמעס, און אים אַרט דאָס ניט.

אָפּגעטאָן די גאַנצע אַרבעט, איז בונים אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב און אַ זאָג געטאָן ברוגעז צו יאַכען:

— גיי, וואַרף אַראָפּ אַביסל היי, די פֿערד וועלן שוין באַלד פּייגערן.

יאַכע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז בונים האָט זיך שטאַרק פֿאַרמאַטערט מיט דער נעסיע, האָט זי אַוועקגעלייגט דאָס נאַסע וועש, אַפֿילע ניט אָפּגעקאַטשעט די אַרבל אַף די רויטע הענט, און איז אַוועק, אַראָפּגעוואָרפֿן היי פֿון בוידעם און האָט אַליין שוין פֿאַרפֿאָרעט די פֿערד. זי האָט זיך געאײַלט, אַף גיך דורכן לאָך אין בוידעם אַראָפּגעוואָרפֿן דאָס היי און צוריק זיך אומגעקערט אין שטוב.

די פּאָדלאָגע אין קיך איז געווען פאַרשפריצט מיט מילינקעס, אויסגעדרייט וועש איז אומעטום געלעגן אַף דער באַנק און אַפן טאַפּטשאַן. יאָכע האָט גענומען מאַכן אַף גיך אַן אָרט באַם טיש פאַרן מאָלדעוואַן און אַוועקגעשטעלט אים דעם וואַרמעס.

בונים האָט געקוקט אַף דער מויד פון הינטער די ווייעס בערויגעז און פאַרביסן, נאָר ער האָט געשוויגן. „אַז יענער וויל שוין גאָר פון שימעלעכעס שענק ניט אַרויסקריכן, ווערט ער געשוואָלן מיטן וועג צונויף”. בונים האָט געגעסן פון שיסל און וואָס מער ער האָט געגעסן, אַלץ מער האָט אים דער קאַעס אונטערגעשווענקט.

— נאַ, איך וועל מער ניט עסן!—האָט ער אַ רוק געטאָן דעם טעלער צו יאָכען. ער האָט געטראַכט: „ס'איז פון איין קאָדלע, איך וועל מער ניט עסן”.

יאָכע האָט זיך פון די רייד דערשראָקן, זי האָט א פינטל געטאָן מיט די גרויסע אָנדערהאַלבן אויגן, וואָס האָבן געהאַט אין זיך זייער אסאַך מיידלשע פרישקייט, אויסגעמישט מיט רויקן בעהיימישן געדולד.

— ווער איז דיר שולדיק, אויב ניט דו אליין,—האָט זי געזאָגט פון איר אָרט, ווו זי איז געזעסן און געקוקט די גאַנצע צייט, ווי אזוי ער עסט.—אַלע פורן האָבן זיך אומגעקערט פון וועג, און ער פאָרט ווײַטער. כ'האָב געמיינט, אז דו וועסט דאָרט איינגאַנצן דערטרונקען ווערן.

נעכטן האָט זי עטלעכע מאָל פירגעהאַלטן דעם זיידן, עטלעכע מאָל געזאָגט:—ניש־קאָשע, דער רוען וואָלט קיינעם ניט געכאַפּט. אַז מע זאָל דעם מאָלדעוואַן ניט געווען לאָזן פאָרן אין אַזאַ וועג.

— מאַגרעפּע!—האָט זיך זאָרעך־לייב־צעשריגן,—איך האָב אים געשיקט, האָב איך אים. אַז יענער איז א ווילדער פאָלישוק, אַ ניטגוטער, זײַ אים ניט געטרײַ, זײַ אים.

אַציינד האָט זי בונימס קאַעס גוט פאַרשטאַנען. זי האָט אין האַרצן דעם זיידן בייז געשאָלטן:

„אַן צַלטער שיקער,—ער מאכט פון יעדערן אין שטוב אַ טעלי”.

שפּעטער, אַז בונים איז שוין ניט געווען אין שטוב, האָט יאָכע אליין ארופגעוואָרפן די נאַסע שלייעס אפן אויוון, זיי זאָלן זיך דאָרט צוטריקענען, די בורקע האָט זי אופגעהאַנגען פאַר דעם הענגער באַ דער הרובע, וואָס האָט זיך געהייצט אַנקעגן דער אָפענער טיר.

דאָס נאַסע גראָבע האָלץ האָט זיך שווער גערודערט, געקרעכצט אין פײַער, ווי אַ לע־בעדיקע שטומע זאַך, וואָס ליגט אין הרובע שטאַרק פאַרטשאַדעט און קאָן זיך ניט אופשטעלן.

אַפדערנאַכט, בעשאַם דער קאָמיטעט האָט זיך פאַרקליבן צו בערישן אין הינטער־שטיבל, האָט זיך בונים אונטערגעגאַנוועט צום פענצטער מיט דער פאַרהאַנגענער שאל און האָט זיי אַלעמען געזען. אלע כעוורע ביז איינעם האָט ער גענוג מאָל פריער געזען באַ שימעלעכן אין שענק, ווו זיי פאַרקלײַבן זיך אין עקסטן צימער, און קיינמאָל זיך ניט גע־שטויסן. און איצט איז ער שוין אלײַן איינער פון זיי. ער האָט געזען, ווי זיי ריידן מיט געראַסימען פרײַ און האָט דאָס ניט געקענט פאַרשטיין.

די גאַנצע נאַכט און דעם מאָרגנדיקן טאָג איז בונים אַרומגעגאַנגען מיט דעם געפיל אין האַרצן. ער איז לאַנג געזעסן אין קיך, ווו יאָכע האָט געזשומעט דאָס גראָבע וועש. ער האָט דאָרט אַלע געראַסימס ווערטער, וואָס יענער האָט אים געזאָגט אין וועג, פונם האַרצן אופגעהויבן, פאַמעלעך, ווי אַ בעהיימע הויבט אוף די מאלעגיידעריקע שפײַז פון אַלע אירע מאָגנס אַרויס, און נאָך אמאָל זיי איבערגעטראַכט בא זיך אין געדאַנק, און מיט יעדער וואָרט מאסקים געווען.

באַטאָג, ווען ער האָט זיך געפּאָרעט איינער אליין אין שטאַל, האָט זיך אַ וויַיז גע־טאָן אין געסעלע, ווו די קוזניע איז געשטאַנען געשלאָסן און לעבן איר האָבן זיך געווייקט אין דער נעץ צעבראָכענע וועגן, שאָלעם בלאָוויסנע. ער האָט געוואָלט קלוימערשט זעען

אַ גאָיִשע פֿור, עפּשער װעט ער זיך קאָנען איבערכאַפּן אין דאָרף. דערװײַל איז ער אונטערגעגאַנגען צו מאַלדעװאַנען. אַט דער לאַנגער דאַרער פּעלצנקירזשנער, װאָס איז געװען שטאַרק געראָטן אין א לאַנגער פּרענטע אײַזן, מיט זײַנע צװײ אױפֿגעהױבענע סטילעװאַטע אַקסלען, אױך ער האָט אין זיך געטראָגן דעם טיפֿן הײליקן סאָד, װאָס בונים האָט געפֿילט אין געראַסימען, בעשאַס ער האָט אים געפֿירט.

— באַ איזדאַשקע דער בעקערן!—האָט ער קורץ אַ מורמל געטאָן און איז די מינוט ניט געבליבן.

בונים האָט זיך אָפּגעדרײט ביז באַנאַכט אין שטאָל. ער האָט געפּרוּװט זיך צולײגן שלאָפֿן אין קיך, קעדײ אָפּאַטערן די צײַט, װאָס איז אים געװען שװער, נאָר ער האָט זיך אומזיסט אָפּגעמאַטערט אונטער דער פֿײַכטער בורקע און ניט געקענט שלאָפֿן. ער האָט מוירע געהאַט פֿאַר יעדער בליק, װאָס ער האָט געטאָן אױף יאָכען, עפּשער דערקענט זי עפּעס אין אים. עפּשער קוקט זי אים נאָך און שװײַגט דערװײַל צו, ער זאָל דאָס ניט דערפֿילן.

זאָרעך-לײבן האָט ער אױסגעשאָטן פֿונם טײַסטער ביז אײן קאָפּקע, קוים צוגעצױגן ביז פֿאַרנאַכט, װען ער האָט זיך אַרױסגערוקט פֿון דער שטאָל, און זיך אַװעקגעלאָזט אונטן אַרום צו איזדאַשקע דער בעקערן.

הינטער דעם הױכן שפּיציקן פּלױט, װאָס האָט ארומגענומען יאָסל-יאַנטיס גרױסע באַלױכטענע שטובּ, האָט זיך צו אים אַרױסגערוקט, װי אַ מײַזעלע פֿון דער לאָך, אָשער מאַפּעלע און אױך אַזױ קורק. װי שאָלעם בלאַװיסנע, אים אַ מורמל געטאָן:

— מאַלדעװאַן, אַרײַנגאַנג פֿון דעם סוקעלע...—און צוריק זיך אַרײַנגערוקט צװישן די לײדיקע פֿעסער, װאָס זײַנען דאָרט געשטאַנען.

אַזױ איז ער מיט גרױס היטעניש צוגעקומען צו איזדאַשקע דער בעקערנס סוקעלע און געפֿונען דעם אַרײַנגאַנג.

ס'איז געװען אַ פֿינצטער סוקעלע, פֿאַרשטעקט צװישן צװײ פֿרעמדע אױף האַלב אײַנגעפֿאַלענע שטאַלן און פֿאַרלײגט מיט געשפּאָלטן האָלץ, נאָר אױך דאָ האָט בונים געפֿילט דעם טיפֿן סאָד, װאָס ליגט אױסגעגאָסן אַרום אים.

איזדאַשקע האָט געהײצט דעם אױװן, זי איז געשטאַנען מיט דער פֿאַרמעליקטער פּלײצע צו דער טיר, און כאָטש זי האָט זיך אױף אים ניט אומגעקוקט, האָט בונים געפֿילט, אַז זי װעט גוט, װער ס'האָט די טיר געעפֿנט און צוליב װאָס און װען. בונים איז אַרײַן דורך דער קיך אין אַ גרױסער שטוב און פֿונדאָרטן זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין אַן ענגן אַלקערל. ערשט דאָ האָט ער זיך אינגאַנצן פֿאַרלױרן.

אין אַלקערל האָט ער קײנעם ניט געטראָפֿן, כוץ אײן מײדל, װאָס איז געװען אָפּגעשױרן, װי א יונג גאַלעכל, מיט אַ ברײטן שניפּס אױף דער ברוסט, זי איז געזעסן באַ דער הרובע און אױסגענײט באַ דעם לאָמפּ ארום א קײַלעכיק טישעלע אױף ברײטער קאַנװע. אין דער ערשטער רעגע האָט בונים זיך דערשראָקן, דערשראָקן אַזױ, װי מע דערשרעקט זיך באַנאַכט, װען פֿאָרן װאָגן אין פֿינצטערן פֿעלד גיט זיך דיר אַ שטעל אַ ניטגוטער.

דערזען דעם מאַלדעװאַן אַרײַנגײן אָן אַ קלאַפּ אין טיר, אָן אַ „גוט נאָװנט“, האָט זיך דאָס מײדל אױפֿגעהױבן פֿון דער הרובע און מיט דערזעלבער קורצקײַט, װי שאָלעם בלאַװיסנע באַטאָג און אָשער מאַפּעלע דאָ ניט לאַנג, פֿון אונטערן פּלױט, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— זיצט, כאַװער!—און האָט אים גלײַך אױסגעצױגן די האַנט. פֿון דערשרעק האָט בונים איר גיך אױסגעשטרעקט זײַן גראָבע רױטע האַנט „אױ, מע דאַרף ניט!“—האָט ער שיר ניט קײן געשרײ געטאָן, נאָר אױך קײן געשרײ ניט געטאָן האָט ער,—װײַל ער איז געװען דערשראָקן.

די שרעק איז געווען העכער פֿון זײַנע קויכעס, העכער פֿון יעדער זײַן פֿאָרשטעלונג ביז אַצינד. וואָרעם אַזוי ווי גאַטקעס אונטער די הויזן האָט בונים אָנגעטאָן צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן ערשט הײַנטיקן זומער, ווען ער איז אַראָפּגעקומען אַהער אין שטאָט און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן בײַ די אָפּגעבראָכענע הײַזער, אַזוי האָט ער אַצינד דערזען נאָענט פֿאַר די אויגן עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט געזען צום ערשטן מאָל אין לעבן, און געהערט ריידן מיט אים אַזוי, ווי ער האָט קיינמאָל נאָך ניט געהערט ביז אַהער. ער איז געשטאַנען אַף דעם אָרט, ווו ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט, ווען ער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אַלקערל, און האָט ניט געוווּסט ווי אַזוי זעצט מען זיך דאָ אַנידער.

דאָס מיידל האָט באַלד אַוועקגעלייגט די אַרבעט, אַלצדינג אַראָפּגענומען פֿונם טישל און געפּרוּווט מיט בונימען עפּעס שמועסן. געראַסים האָט איר דערציילט, אַז דער מאָלדעוואַן איז באַלעגאָליש-פּראָסט און שטאַרק רוי, איר האָט ער אַזוי ניט אויסגעזען. פֿאַרקערט, איר האָט זיך אויסגעדאַכט אַפֿן קוק, אַז דער באָכער איז אַ בייזער, אַ דורכגעטריבענער, נאָר ער פֿאַרבאַהאַלט דאָס גאַנץ קונציק טיף אין זיך, און ער איז שוין גאָרניט אַזוי פּראָסט אויך. כאָטש, עמעס, כאַיש-רויעס איז דאָ אין אים גענוג. זי האָט צונויפֿגענומען אַלע זײַדענע קנײַלעכלעך אין אַ געפֿלאָכטן שטרויען קעסטעלע און דאָס קעסטעלע געהאַלטן אין די הענט, ווי מע האַלט אַ שיין שפּילעכל.

— איך האָב נאָך נעכטן געוווּסט, אַז איר זענט געוואָרן אַ כאַווער,—האָט זי צו אים אָנגעהויבן ריידן, האַלטנדיק דאָס קעסטעלע אין די הענט. מיר האָבן זיך אַלע שטאַרק דערפֿרייט. בײַ אונדז איז נאָך פֿאַראַנען ווייניק גוטע כאַווירים.

בונים מאָלדעוואַן, ווי סע טרעפֿט אָפֿטמאָל מיט שטילע שעמעוודיקע מענטשן, וואָס לעבן מיט אַ צווייענדיק לעבן, איינס—דאָס באַוועגלעך-אָפֿענע, אַ צווייטס—דאָס רעפֿלעקטאָריש—אינעווייניקסטע, האָט באַלד אַפֿן אָרט דערפֿילט אירע געדאַנקען וועגן אים און ער האָט זיך דערזעען פֿון דעם נאָך מער געבונדן און אומבאַהאָלפֿן קעגן איר. ביז אַהער האָט ער גאָרניט געוווּסט, אַז בײַ די כעוורע זײַנען דאָ מיידלעך אויך. ער האָט געמיינט ביז דער מינוט, אַז מיידלעך דאַרפֿן אַזוינע זאַכן ניט האָבן. שפּעטער אַז אין אַלקערל האָבן זיך גענומען צונויפֿגיין גאַרבער-יינגלעך און וועבער-יינגלעך, האָט בונים געזען פֿון זײַן אָרט, ווו ער איז געזעסן אַף אַ בענקל און געשוויגן, אַז אַלעמען דערלאַנגט זי די האַנט, פּונקט אַזוי, ווי זי האָט פֿריער אַביסל דערלאַנגט אים.—כאַווערטע טשאַרנע!—זאָגט מען איר, יעדערער זאָגט צו איר אַזוי, און זי ווייסט שוין פֿון אַלץ און ענטפֿערט יעדערן אַף זײַן פֿראַגע.

— יאָ, דער כאַווער געראַסים וועט דאָ ריידן. ער וועט באַלד קומען. זעצט זיך כאַווירים, ס'איז נאָך פֿרי.

איינער דעם צווייטן האָט דאָ אין קליינעם אַלקערל מיט דער טויבער וואַנט צום דרויסן אָן איין פֿענצטער גערופֿן „כאַווער". בונים האָט זיך דאָ געפֿילט פֿרעמד. ער האָט געגאַרט זיך אויסמאַכן אַ ציגאַר טעטין און געווען אַף זיך אין קאָפּ פֿאַרן געדאַנק אַליין, וואָס האָט אים גאָר געקענט קומען אין קאָפּ אין אַזאַ אָרט.

ביז שפּעט אינאָוונט האָט זיך געצויגן אין געפּאַקטן אַלקערל די מאַסאָווקע.

אַ בלייך-בלאַסער, מיט אַ צעשפּילעטן קאָלנער פֿון דער העמד, אַז ס'האָט זיך אַרויסגעזען זײַן דינער ווײַסער יינגלישער האַלדז, איז געשטאַנען פֿאַר דעם קײַלעכיקן טישעלע עראַסים און ערעדט. אַלע רייד, וואָס ער האָט געהערט אין שטאָט צווישן די כאַווירים, האָט ער דאָ צונויפֿגעבונדן אינאיינעם און דאָס געמאַכט פֿאַר דער אויפֿגאַבע פֿון דער היגער אָרגאַניזאַציע אין דעם איצטיקן מאָמענט. אַלע מאָל האָט געראַסים מיט דער האַנט זיך פֿאַרשאַרט די האָר און דאָרשטיק אָפּגעטרונקען פֿון דער גלאָז אַ שלינג וואַסער.

אַלע אויגן פֿונם אוילעם, וואָס איז געשטאַנען ענג, קימאַט קעפּ אַף קעפּ, זײַנען געלאָפֿן צו זײַן מויל. מע איז געשטאַנען און מע האָט ניט געדענקט, אַז מע שטייט. זײַן קאָל אַליין האָט געוועקט, האָט געמאַכט הייס דאָס לײַב אונטער דער העמד.

דאָ אין קליינעם אַלקערל, ווו אַלע האָבן זיך געזאָגט „כאַווער״, האָט מאָלדעוואַן טיף-טיף אין זיך געגעבן אַ שווע. אַז פאַר אָט דעם מענטשן, פאַר זיין דינעם האַלדז, וואָס זעט זיך אים אַרויס פון דעם צעשפּילעטן קאָלנער, און פאַר אָט די פּאַסמעס האָר, וואָס קריכן אים אַראָפּ אַף דעם צעהיצטן גרויסן שטערן, וועט ער, אויב מע וועט דאַרפן, שטרעקן דאָס לעבן.

---

צוריק אַהיים איז ער געגאַנגען צוזאַמען מיט בעריַשן און געראַסימען. בונים האָט געזען, ווי געראַסים פאַרבויגט ווידער די הויזן איבער די קליינע שטיוועלעך, האָט באַ אים טיף אין האַרצן אַ כליפּע געטאָן, אַזוי שטאַרק מיט ליבע האָט אַ ציי געטאָן צו אָט דעם צעקרומטן שוואַכינקן באָכערל. אין וועג, ווו זיי זיינען איינער פון איין זייט און דער צווייטער פון דער ווייטער זייט געגאַנגען מיט געראַסימען, האָט געראַסים זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער בלאָטע זיין קליין שטיוועלע אָן דעם קאַלאָש.

— ווייזט אויס, ערגעץ פאַרלוירן,—האָט ער געזאָגט. נו, מיילע.

נאָר מאָלדעוואַן האָט זיך שוין אויך אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן מיט גרייסקייט:

— נישקאָשע, באַלד וועל איך אים געפינען.

ער האָט זיך אָנגעבויגענערהייט אַראָפּגעלאָזט צו דער בלאָטע, וואָס איז געווען פינצטער, און מיט זיינע שאַרפע כאַיעשע אויגן געזוכט דעם קאַלאָש און ניט געפונען.

— זאָל זיין, כאַווער!—האָט געראַסים געזאָגט,—איך האָב אים, ווייזט אויס, פאַרלוירן ערגעץ אַנדערש, ניט דאָ.

בונים האָט זיך פון דער בלאָטע ניט אויפגעהויבן און אַלץ געזוכט און גענישטערט. ס'איז געווען שטאַרק פינצטער איבער דער פאַרגאָסענער צעווייקטער ערד, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געבעטן:

— גייט אייך דערווייַלע, איך וועל אייך באַלד אָניאָגן מיט דעם קאַלאָש.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און ווידעראַמאָל גענומען זוכן אין דער פינצטער, געגאַנגען איינגעבויגן צוריק מיטן וועג, געשטופּט די האַנט אין אַלע טריט-גריבלעך און געטאַפּט אין דער בלאָטע.

אין וועג האָבן בעריש און געראַסים זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט אַ מינוט אַף דעם מאָלדעוואַן, וואָס איז געבליבן הינטן, נאָר זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן און ווייטער געגאַנגען שטיל איינער עטוואָס אָפּגערוקט פונם אַנדערן.

שוין פאַר דעם פאַרקערעווען אין שמאָלן, גאָישן געסעלע אַריין, וווהין דער מאָלדעוואַן האָט דעמלט אַזוי קונציק פאַרפירט געראַסימען מיט דער בויד, דאָרט, ווו מע דאַרף דורכן לאָך אין פּלויט אַרויסגיין אַף דעם גאָרטן, האָט זיך בעריש ווידעראַמאָל אָפּגעשטעלט און גענומען זיך צוהערן.

זיי זיינען דאָ געשטאַנען עטלעכע מינוט און מיט אָנגעשטרענגטקייט זיך איינגעהערט אין דער נאַכט. אַרום איז געווען שטיל, פאַרדעקט און נאַס, נאָר די וואַסערן האָבן אונטערן פּלויט זיך געריסן און מיט אַ ראַש און געלויף ערגעץ אַראָפּגערונען אין אַ ווייטער גרוב. די וואַסערן האָבן שטאַרק געגלאַנצט אַקעגן די ליכטיקע בלויע לעכער מיט שטערן צווישן די כמאַרעס, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבערן הימל.

זיי זיינען דורכגעקראָכן דורכן פּלויט און אַוועקגעגאַנגען איינע אַליין מיטן גאָרטן.

— וואָס זאָגט איר אַף דעם באָכער, האָט זיך אָנגערופן בעריש.—ס'איז אַ פאָלישוקי מאָלדעוואַן הייסט ער דאָ. ווו איז ער עס אַהינגעקומען, מע הערט ניט און מע זעט ניט קיינעם.

אַ לאַנגע שטיק וועג איז בונים אָפּגעגאַנגען צוריק צו אידאַשקעט שטוב. אומעטום, ווו ס'האָט אים אַ גלאַנק געטאָן אַ סימען פון אַ טראָט מיט אַ פוס, האָט ער געשטעקט אַנ-

געבויגענערהייט די הענט, געטאַפּט און געזוכט דעם פֿאַרלוירענעם קאַלאָש. טיף אין האַרצן האָט זיך איצט באַ אים צעברענט אַ ליכטל, אַ בלוטיקס. אַ שיקערס. אַלע אייוורים האָט אים דורכגענומען און געצויגן צו דעם פרעמדן מענטשן, צו זײַן קאַלאָש, וואָס האָט דאָ ערגעץ געשטעקט אין דער פינצטערער בלאָטע. זײַן גאַנץ לעבן האָט ער אין דער מינוט געזען פֿאַר זיך, פֿאַר די אויגן פֿון איין גאַנצער שטיק. עפשער איז שוין אַצינד געווען האַלבע נאַכט און עפשער נאָך שפעטער. איבדערהויך האָט גענומען זיך אויסלײַטערן. די אָרומיקע שוואַרצע וואָסערן, דאָס פֿאַרנעצטע געסעלע האָבן זיך באַלויכטן מיט הויכער באַנאַכטיקער-שײַן פֿונם הימל. בוניס איז דאָ נאָך אַלץ אומגעקראָכן, דאָס האַרץ האָט אין אים געכליפעט פֿון עפּעס אַ גרויסער, שטאַרקער ליבע צו יעדערן, צו אַלעמען. צוויי מאָל האָט ער זיך שוין אין וועג אומגעקערט, אַלצ־ינג אויסגעטאַפּט מיט זײַן פֿאַלישוקער געניט־קײַט אינדערפינצטער. ער האָט שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עפשער האָט גראַסיס פֿאַרגעסן דעם קאַלאָש באַ אידאַשקען אין שטוב, ווײַל דאָ אין בלאָטע האָט ער אים ניט געזען.

פלוצים האָט ער אָנאַזײַט, אַ צוויי שפּאַן פֿונם שליאַך, דערזען שטעקן עפּעס אַ שוואַרצס. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַרויסגעשלעפּט דעם קאַלאָש אַ פולן מיט וואַסער.

כ. ווײַנערמאַן.

# לידער.

1

אין בײזן האַרבסט, צעלײגטן און פאַרוועלקטן,
ניט יעדן וועג איז אויסוועגן געגעבן.
רום צו דעם, וואָס קאָן זיך איבערשמעלצן
אינם קאַלכויוון פון לעבן.

אַזאַ מין וואָר אַף אונדזער ערד באַזיגן,
קומען רײַף אין אויסגעשלײַפטער קלאָרקײַט.
איז עפּשער גוט, וואָס מיר, נאָך קינדער פון די וויגן,
זײַנען דאָ מיט ערנסט פון באַיאָרטע.

איז עפּשער גוט, וואָס שטײַפסטן קלעם פון ווײטיק
פאַרבײַסן מיר באַרויקט און געלאַסן.
און פאַרקרעמפּעווען אַ האַרץ אַף קײַטן,
ס׳זאָל בײזער ליב האָבן
פאַראַכטן און פאַרהאַסן.

אין בײזן האַרבסט, צעלײגטן און פאַרוועלקטן,
ניט יעדן וועג איז אויסוועגן געגעבן.
רום צו דעם, וואָס קאָן זיך איבערשמעלצן
אינם קאַלכויוון פון לעבן.

2

לידער, כ׳וועל אײַך ניט לעסטערן,
אַזוי זיך פאַרכמורע איך ברעמען.
כ׳בין פאָרט דאָך פון יענע, וואָס מעסטן
אַזוי זאָרגלאָז
די פרײד אַף די זשמעניעס.

נאָר ווער האָט דעם וועג מיך פאַרלאָפן
אין קרײַז-לויף פון בלײַיקע קלאַנגען,
און איך פיל
און איך פיל אין מײַן אָטעם
דעם אָנגוס פון הײסן געראַנגל.

אין האַלבנאַכט, אין דולער און שוואַרצער,
בא אַ פאַכאַד פון יאָרן צעמאַלטע.
האָט עמיץ געבענטשט מיר פון האַרצן,
און האָט מיר אַף שטענדיק פאַרשאָלטן:

פֿון דאַמלסט איין בייזע באַשטויבונג,
רוּרערט מײַן רו און געוויסן,
און כ'בין מעקאַגע די אלע, וואָס גלויבן,
אַז לידער מע קען זיי פֿאַרוּוישן.

אַז לידער מע קאָן זיי באַרויבן,
ווי מע רויבט אָפּ אַ מענטשן אַף גאַסן.
און כ'בין מעקאַגע די אַלע, וואָס גלויבן,
אַז לידער איז הוילע כאַלאַסן.

נאָר לידער, כ'וויל אײַך ניט לעסטערן,
אַזוי זיך פֿאַרכמורע איך ברעמען,
כ'בין פֿאָרט דאַך פֿון יענע, וואָס מעסטן
אַזוי זאָרגלאָז די פֿרייד אַף די זשמעניעס,

3

אין פלאָנטער פֿון ווערדער סאָסנאָווע
פֿאַרלירט זיך אין בענקשאַפֿט אַ רינד.
פֿון ווײַטן מיך ציט דיך צו כאָוועז,
ווי מע כאָוועט אַן ערשטלינג—אַ קינד.

דו האָסט זיך מיר נעכטן געכאָלעמט,
אין האַפּט, און אין זאַפּט און אין מאָך,
מײַנע יאָרן באַזעצט מיט מאָזאָליעס,
דו פֿירסט זיי פֿאַרגאַרטלט אין יאָך.

עך געגנט, בלאָנדהאָריקע געגנט,
מיט זוניקער קודלע אַף שלייף.
אונטער הימן פֿון גאָלדענע רעגנס
האָסט געבוירן מײַן קינדערשן ווײ.

געבוירן...
פֿון דאַמלסט...
אַדאַיעם,
כ'טראָג איר ווי בלוט אין געביין,
איז מיר שווער, עפּשער שווער צו באַנײַען
מײַן אָנקום אַף שטאָטישן שטיין.

איז מיר גרינגער דײַן אומרו, דײַן וואַקל
דערשפּירן פֿונווײַטן, דורך מײַל,
און מיין ניט, איך האָב דיך פֿאַראַטן,
כ'בין אַוועק נאָר, אוועק אַף אַ ווײַל...

אַף אַ ווײַלע דאָ הי זיך פֿאַרהאַלטן...
ניט גלאַט אַזוי, גלאַט אַזוי גלאַט,
אַף טעסען, אַף הובעלן באַלקנס
דאַרף מען אויך זײַן בעניט אין אַ האַק.

אין האַרץ מײַנס אַ וואַרעמער אופֿשטײַג
לייטערט מײַן מויעך און בלוט,
כ'זאָל קאָנען געוואַגטער און דרייסטער
זיך שטעלן צוריק צו מײַן פלוג.

**א. פּיאַטיגאָרסקע.**

# מ י.

I

דער שמיד האָט זײַן האַמער,
דער סטאָליער פֿאַרמאָגט א זעג.
איך האָב ווערטער, וואָס כ'קלײַב צוזאַמען
אַף געפֿיל און געדאַנק צו דערוועקן.

מוז מײַן וואָרט זײַן שאַרף און וואָגיק,
מוז מײַן וואָרט זײַן אופֿריכטיק-ריין:
ס'ועט צום קינדערשן האַרץ זיך דערשלאָגן
נאָר דאָס, אין וואָס איך גלויב אליין.

מײַנע הענט זײַנען שטענדיק ווײַסע,
און מוסקולן ווערן ניט מיד,
נאָר שווער איז לערנען צעבײַסן
מיט יונגע ציין דעם האַרטן גראַניט!

II

אין מײַן וואַרשטאַט מע זעט ניט קײַן מאַשין,
און איבער אים עס הויבט זיך ניט קײַן רויך,
נאָר ווען די נאַכט דעם טאָג מיט גרוי באַשפּינט,
דערפֿיל איך שאַרף: דער טאָג—ער קאָסט מיר קויעך.

אין מײַן וואַרשטאַט, וואָס רופֿט זיך שול,
איז שווער געפֿינען, וואָס כ'האָב אויסגעאַרבעט,
פֿון מי פֿון מײַנער פּוסטקײַט ווערט ניט פֿול,
ס'איז ניט צו זען, אין וואָס מײַן מי פֿאַרקאַרבט זיך.

וואָס כ'אַרבעט אויס—דאָס האָט גאָר ניט קײַן מאָס,
איך שאַף אַ זאַך, און ס'איז ניט אָפּצוּווגן,
און איך אליין באַקום אמאָל אַ גרוס
פֿון מי פֿון מײַנער גאָר פֿון ווײַטע וועגן.

אין מײַן וואַרשטאַט מע זעט ניט קײַן מאַשין,
און איבער אים עס הויבט זיך ניט קײַן רויך,
נאָר ווען די נאַכט דעם טאָג מיט גרוי באַשפּינט,
אין שטראָם פֿון די, וואָס אײַלן צום פֿאַרדינטן אָפּרו,—בין איך אויך.

א. קאָנאָקאָטין.

# אכטונג דעם ליטעראַרישן פראָנט.

די קולטור-רעוואָלוציע איז איינע פון די גרונט-אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג פון אונדזער לאַנד. און איצט, צוגלייך מיטן אַנטשיידענעם אָנגריף אַפן גאַנצן פראָנט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וויקלען מיר פאַנאַנדער דעם אָנגריף אויך אַפן קולטורעלן פראָנט, אָנהויבנדיק פון קאַמף פאַר אַן איוורעדיקן מענטשן און ענדיקנדיק מיט די העכסטע פאָרמען פון קולטור. אויך אַף דעמדאָזיקן פראָנט פאַרנעמען מיר אַלץ נייע און נייע פּאָזיציעס, באַקעמפנדיק דאָס אַלטע, ניטנוצלעכע און שעדלעכע פאַרן נייעם. אַפן קולטור-פראָנט קעמפן מיר פאַר אַ נייעם מענטשן פון סאָציאַליזם. די קולטור-רעוואָלוציע איז טאַקע ניט עפּעס אַנדערש, ווי „די רעוואָלוציאָנערע איבערדערציונג פון די ברייטע פאָלק-מאַסן—קוידעמקאָל פון דעם פּויערטום—פאַר אַ זיגרייכער סאָציאַליסטישער בויונג“ (קנאָרין, „פאַר דער קולטור-רעוואָלוציע“).

די איבערדערציונג פון די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע איז אַ קאָמפּליצירטע זאַך, וועלכע פאָדערט ענטוזיאַזם און ריכטיקן פאַרשטיין דעם וועג, אַף וועלכן מיר גייען; וועלכע פאָדערט, אַז די, וואָס אַרבעטן אַפן קולטור-פראָנט, זאָלן זיך אָפּגעבן אינגאַנצן דעם פּראָלעטאַריאַט.

דאָ, ווי אויך אין אונדזער גאַנצן אָנגריף, דאַרפן מיר שטרענג נאָכשפּירן נאָך דעם, אַז יעדער אָטראַד, יעדער אָנטיילנעמער פון אָטראַד אַף דעמדאָזיקן פראָנט, זאָל גיין אין פוס מיט אונדזער גאַנצער בויונג, אַז יעדערער זאָל מיט לייב און לעבן קעמפן פאַר דער קאָמוניסטישער איבערדערציונג פון די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע.

איינעם פון די קעמפער-אָטראַדן אַפן קולטור-פראָנט דאַרפן אומבאַדינגט בילדן אויך אונדזערע סאָוועטישע שרייבער. און די קינסטלערישע ליטעראַטור דאַרף זיין איינער פון די מיטלען אין קאַמף פאַרן נייעם מענטשן.

ליטעראַטור, אַלס העכסטע פאָרם פון קולטור, דאַרף זיין אַ שאַרפער געווער אין דעמדאָזיקן קאַמף, און דעריבער באַקומט די פראַגע וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ווייסרוסישער ליטעראַטור באַ איצטיקן מאָמענט אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג, ווייל די אַנטוויקלונג פון ליטעראַטור קענען מיר אין קיין פאַל ניט אָפּטיילן פון אַלגעמיינעם אָנגריף אַפן קולטור-פראָנט.

פון דעם אַלגעמיינעם ציל, וועלכן עס שטעלט די קולטור-רעוואָלוציע בכלל, פון קאַמף פאַרן קאָמוניזם דרינגט אַרויס יענע פּאָליטישע ראָל פון דער ליטעראַטור, וועלכע זי דאַרף איצט שפּילן.

איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון ק.פ.(ב)וו., וועלכער ווייס גוט די וועגן פון דער קולטור-בויונג אין וו.ס.ס.ר., כ׳ ק נ אָ ר י ן—האָט אַזוי געשריבן אין זיין ביכל „פאַר דער קולטור-רעוואָלוציע“ וועגן ליטעראַטור: „מע דאַרף שאַרפער אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן דער אַנטוויקלונג פון די העכערע פאָרמען פון דער ווייסרוסישער קולטור (ליטעראַטור. טעאַטער, מוזיק) און וועגן באַדינען מיט דידאָזיקע פאָרמען די אַרבעטער-מאַסן“. די ווייסרוסישע קינסטלערישע ליטעראַטור דאַרף אומבאַדינגט אַנטשפּרעכן אַלע פאָדערונגען, וועלכע דרינגען אַרויס פון די אַלגעמיינע אויפגאַבן פון דער קולטור-רעוואָלוציע. מע דאַרף באַדי-

נען די בריײטע מאסן אַרבעטנדיקע, קעמפֿן פֿאַר דער קאָמוניסטישער איבערדערציִונג פֿון דידאָזיקע מאַסן, זײַן אַ זיכערער געווער אַפֿן קולטור-פֿראָנט. דערפֿון דריִנגט אַרויס די פֿראַגע, צי איז בעעמעס טאַקע אַזאַ געווער די גאַנצע ווײַסרוסישע קינסטלערישע ליטעראַטור, צי אַנטשפּרעכט זי אַלע ניטבאַשטרײַטבאַרע פֿאָדערונגען. ענטפֿערן אַף דערדאָזיקער פֿראַגע פּאָזיטיוו בענויגייע דער גאַנצער ליטעראַטור קען מען בעשום אויפֿן ניט.

באַ הײַנטיקן טאָג איז די ווײַסרוסישע קינסטלערישע ליטעראַטור ניט מאָנאָליט באַם אויספֿילן דידאָזיקע אופֿגאַבן. באַזונדערע איינסן און באַזונדערע ריִנגען פֿון די ווײַסרוסישע ליטעראַטן האָבן נאָך ביז איצט ניט אונטערגעוואָרפֿן זייער געדאַנק און זייער שאַפֿונג דעם שטאַרקן ווילן פֿון פּראָלעטאַרישן קאָלעקטיוו. אַפֿן ליטעראַרישן באַציִרק פֿון קולטור-פֿראָנט טרעפֿן מיר נאָך פֿײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן די שטרעבונגען פֿון פּראָלעטאַריאַט, קעגן דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט. עמעס, באַ אונדז זײַנען נאָך פֿאַראַן אַ ריי פּאָעטן און אַפֿילע גאַנצע פֿאַרייניקונגען, וועלכע טוען אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך צוליב דעם, אַז די ליטעראַטור זאָל בעעמעס זײַן איינע פֿון די מיטלען אַף דערציִען דעם מענטשן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט. וועגן זיי וועלן מיר ריידן שפּעטער. און איצט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אַף יענע שעדלעכע און אָפּטמאָל פֿײַנטלעכע דערשײַנונגען, וועלכע זײַנען פֿאַראַן אין אונדזער ליטעראַטור.

אין מאָמענט פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסנקאַמף, וועלכער איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורכן אַנטשיידענעם אָנגריף פֿון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אַפֿן גאַנצן פֿראָנט פֿון אונדזער בויונג, דאַרפֿן מיר וואַכזאַמער נאָכשפּירן נאָך די שעדלעכע אַנטפּלעקונגען פֿון די פֿײַנטלעכע שטימונגען אין דער בויונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור און, באַזונדערס, אין באַשאַפֿן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. דאָס איז נויטיק דערפֿאַר, ווײַל די ווירקונג פֿון די קליינבורזשואַזע עלעמענטן לאָזט זיך שוין פֿילן אין דער ליטעראַטור. אייניקע שרײַבער שטייען ניט נאָר אָנאַזײַט פֿון דער פּאָליטיק, נאָר „שאַפֿן" און אָפּטמאָל, טרעטן אַרויס קעגן דעם נײַעם. מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז „דער קלאַסנקאַמף אין געביט פֿון אידעאָלאָגיע ווערט קאָמפּליצירטער דורך אַ ריי נײַע מאָמענטן. דער קלאַסנסוינע איז באַ אונדז אינעווייניק און ער ווירקט אַף דער פֿאָרמירונג פֿון אונדזער קולטור. אַ ריי שרײַבער און געלערנטע זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער נײַער בורזשואַזיע און פּרווון דורכשלעפּן אין דער סאָוועטישער וויסנשאַפֿטלעכער און קינסטלערישער ליטעראַטור די אָנשויונגען און געדאַנקען, וועלכע האָבן קײַן שום שײַכעס ניט צום פּראָלעטאַריאַט און שפּיגלען אָפּ די שטימונגען פֿון דידאָזיקע קרײַזן". (קנאָרין, דאָרטן).

אָפֿטער פֿאַר אַלץ ווערן די פֿײַנטלעכע שטימונגען אונטערגעטראָגן אין אַ צוגעפֿאַרבטן, פֿאַרמאַסקירטן אויסזען, מיט „באַגריסונגען", מיט „דערעכערעץ" צו מאַרקסיזם, מיט פֿריערצוזאָגנדיקע דעקלאַראַציעס וועגן דער פּראָלעטאַרישקײַט, און אָפֿט קען זיך אַ דורכשניטלעכן לייענער דוכטן, אַז עס איז ווירקלעך מאַרקסיסטיש און פּראָלעטאַריש, אינדערעמעסן אָבער איז דאָס שעדלעך, פֿײַנטלעך צו אונדז.

אונדז קען ניט באַפֿרידיקן ניט דער „דערעכערעץ צום מאַרקסיזם", ניט די שיינע מײַסעס וועגן דער איבערגעגעבנקײַט צום פּראָלעטאַריאַט, נאָר מיר פֿאָדערן פֿון אונדזער שרײַבער אַ קלאָרן ענטפֿער אין זײַנע שאַפֿונגען אַף די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

מיר דאַרפֿן אַנטשיידן אופֿדעקן אַלע אַנטפּלעקונגען פֿון דער געפֿאַר אַפֿן ליטעראַרישן ראָנט—סײַ מיט דער הילף פֿון דער קוואַליפֿיצירטער מאַרקסיסטישער קריטיק, סײַ מיט דער הילף פֿון די לייענער פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור.

נאָך מער דאַרף מען דאָס דערפֿאַר, ווײַל פֿאַר דער לעצטער צײַט זען מיר אַפֿן ליטעראַרישן פֿראָנט אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער אַזוינע פֿאַקטן, וואָס זאָגן אײדעס, אַז אַזאַ געפֿאַר איז דאָ, אַז אייניקע געוויסע שרײַבער קענען ניט און, אָפּטמאָל, ווילן ניט אונטערפֿאַלן אונטער די פּאָליטישע פֿאָדערונגען פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט.

מיר האָבן אַזוינע פאַקטן, ווען קימאַט די גאַנצע ליטעראַרישע פאַריייניקונג „אוזוויִשאַ״, האָט נאָך ביז איצט זיך ניט קלאָר געמאַכט די אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. ביז איצט פירן זיך נאָך דאָרטן דעבאַטן וועגן דעם, צי איז בכלל מעגלעך די עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אין 6-טן נומער פון זשורנאַל „אוזוויִשאַ״, וועלכער איז געווידמעט דעם 10-יאָריקן יוביל פון וו.ס.ס.ר., זאָגט אַרויס דער אוזוויִשעווער כ׳ קופּצעוויטש אַזוינע גדאַנקען וועגן דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור: „עס איז נאָך איצט אויך איינגאַנצן ניט דערלייזט די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט, אַז עס זאָל עקזיסטירן בכלל די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, אַלס אַ ליטעראַטור פון איבערגאַנג-פּעריאָד״. עס איז אינטערעסאַנט, אַז דאָס אַלץ רעדט זיך אין דער צייט, ווען מיר האָבן שוין געוויסע מוסטערן פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, און אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס די גדאַנקען זאָגט אַרויס אַ פּאַרטיי-מיטגליד.

אין דעמזעלבן נומער געפינען מיר נאָך אַ ניטווייניקער קלאָרע פאָרמולירונג וועגן דעם אינהאַלט פון ליטעראַטור. פון אָנהייב הויכע ווערטער וועגן דעם, אַז „אוזוויִשאַ״ איז „אַ רעוואָלוציאָנערער אויפשטענדלער״, „אַ רעוואָלוציאָנערער בויער״, „אַ קאָנסטרוקטאָר״ און אַנד. אויסדרוקן. און ווייטער: „דידאָזיקע ראָל און באַדייטונג פון „אוזוויִשאַ״ שפּיגלט זיך אָפּ אויך אַף איר בויונג און סטרוקטור פון יענע ווערק, וועלכע זי גיט אַרויס אונטער דער פאָן פון דער שאַפונג פון דער ליטעראַטור, וועלכע איז אַ נאַציאָנאַלע לויט איר פאָרם און אַ פּראָלעטאַרישע לויט איר שטרעבונג״. אָט איז אייך אַ נייער טיפּ פון „אַ רעוואָלוציאָנער-קאָנסטרוקטאָר״, ער איז אַ „פּראָלעטאַרישער״ אין זיין שטרעבונג. אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. הערט, וואָס די אוזוויִשעווצעס באַ זייער „שטרעבונג״ האַלטן פאַר דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דער ווייסרוסישער ליטעראַטור: „קעמפן פאַר די ווייסרוסישע פאָרמען אין דער ווייסרוסישער קולטור״ („פאַר דעם צווייטן יאָרצענדליק״—ק. טשאָרני). ווי איר זעט, באַקומט זיך שוין גאָר עפּעס אַ נייס באַ אונדזערע „קאָנסטרוקטאָרן״: אָנשטאָט דער איינציק ריכטיקער פאָרמולירונג: „קולטור—נאַציאָנאַלע לויט איר פאָרם און פּראָלעטאַרישע לויטן אינהאַלט״ באַקומט איר אַ „קאַמף פאַר דער פאָרם״ באַ דער „שטרעבונג״—אָט דאָס איז גאָר.

באַ דעם, וואָס לייענט די דעקלאַראַציעס און אַרטיקלען פון „אוזוויִשאַ״, קען זיך באַקומען אַזאַ איינדרוק, אַז די, וועלכע האָבן אַזוי געשריבן, זיינען ניט גאָר באַהאַוונט אין פּאָליט-אַיוּרע, אָדער זיי האָבן אַ טאָעס געהאַט אין די פאָרמולירונגען, עפּשער איז באַ זיי אָבער די אינטויִציע אַ בעסערע פּראָלעטאַרישע און די שאַפונגען בעסערע אַזעלכע, וועלכע זיינען אין איינקלאַנג מיט די היינטצייטיקע פאָדערונגען. ניין, אָבער דאָ איז אויך ניט גוט: אין די קינסטלערישע שאַפונגען האָבן מיר אויך דאָסזעלבע. איינער זינגט הימנען דער גאַנצער ערד, ניט באַמערקנדיק די קלאַסן-דיפערענציאַציע, וועלכע קומט פאָר אין דאָרף („ערד״—ק. טשאָרני). דער צווייטער דערבערגט „אַף דער ניט צוגעוואָיִנטער אוקאָמישער שטעלע״ (קליאַשטאָרני). דער דריטער באַווייזט אין „אַ ווייסרוסישער פאָרם״ „אַ ליריקער״ און „מאַטעמאַטיקער״ מיט צווייִדייטשנדיקע שמועסן וועגן דער היינטצייטיקייט (דובאָווקאַ). דער פערטער מאַכט זיין „ראַבינעס גליקי״ אַזוי, אַז דער לייענער פאַרשטייט עס ניט און דאַרף עס אַפילע ניט האָבן. דער פינפטער שרייבט בריוו צום הונט (ווייל צו מענטשן איז ניטאָ וואָס צו שרייבן?) און ביז איצט נאָך האָבן ער און זיינע כאַווייִרים ניט אָפּגעזאָגט זיך פון אַזוינע בריוו. אַלע צוזאַמען רעקלאַמירן זיי זייער שאַפונג דורך אַ וואָלגאַרן פּראָספּעקט, וועלכער איז ענלעך אַף אַ רעקלאַמע פון דער נידעריקסטער מאַרקע א. א. וו.

מיר ווילן גאָר ניט זאָגן, אַז אין דער שאַפונג פון די אוזוויִשעווצעס זיינען לאַכלוטן ניטאָ קיין גוטע מאָמענטן, אָבער אונדזער ציל איז אויפדעקן די שעדלעכע, געפערלעכע דערשיינונגען אין דער ווייסרוסישער ליטעראַטור און מער פאַר אַלץ אין „אוזוויִשאַ״, וואָרעם

דיִ לעצטע פּלאָנטערט זיִך ניט נאָר איִצטער איִן פאַרשטיין דיִ אויפֿגאַבן, וועלכע עס שטייען פֿאַר דער ליִטעראַטור. איִן דעם ערשטן יאָר פֿון איִר עקזיִסטענץ האָט דיִ פֿאַרייניִקונג „אוזוויִשאַ״, אייִנציִיִקטיִק מיִטן פֿאַרזיִכערן, אַז זיִ איִז איִבערגעגעבן דעם פּראָלעטאַריאַט, צוגעזאָגט אויך פֿיִרן אַ געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט אונטער דער אָנפֿיִרונג פֿון דער פּאַרטיי. „מיִט דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט האָט דיִ „אוזוויִשאַ״ ניִט געטראַכט צו רײַסן, האָפֿנדיִק דורכפֿיִרן זיִ אויך ווײַטער אונטער דער אָנפֿיִרונג פֿון דער קאָמפּאַרטיי איִן דער מעגלעכער פֿאַר זיִך ריִכטונג און פֿאָרמעס״... („אוזוויִשאַ״—וולאַדיִמיִר דובאָווקאָ, צײַטונג „הודאָק״ נום. 114, 1927 י.) צו דעם דאַרף מען קײַן שום באַמערקונגען ניט מאַכן. דיִדאָזיִקע דערקלערונג מאַכט קלאָר דיִ פּאָליִטיִשע ליִניע פֿון נעכטיִקן טאָג. אָבער, צום באַדויערן, זאָגן נאָך הײַנט אויך דיִ אוזוויִשעווצעס וועגן זיִך אַליין (איִן זייערע שאַפֿונגען און מײַסיִם), אַזוי אַרום ניט ווילנדיִק מוזן מיִר זאָגן: איִן דעם ריִנג פֿון דער קיִנסטלעריִשער ליִטעראַטור איִז נאָך דאָ פֿיִל שעדלעכקײַט, קעגן וואָס מען דאַרף קעמפֿן מיִט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקײַט.

איִן דעם צווייטן ריִנג פֿון דער ווײַסרוסיִשער ליִטעראַטור—איִן דער פֿאַרייניִקונג „פּאָליִמיאַ״ האָבן מיִר געזען ניִט לאַנג אַן אָפֿענע אַרויסטרעטונג פֿון קאָנטר-רעוואָלוציע, וועלכע איִז אויסגעוואַקסן אַפֿן גרונט פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע שטיִמונגען. עס האָט זיִך אָנגעהויבן פֿון אונדז אַלעמען באַקאַנטער טעאַטראַלער דיִסקוסיע און האָט זיִך פֿאַרענדיִקט מיִט דודאַרס מיִעסע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע ליִד—„מע האָט צוהאַקט אונדזער לאַנד״. מיִר וועלן זיִך ניט אָפּשטעלן אַפֿן אַנאַליִז פֿון דעם, וויִ אַזוי נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִזם האָט געבראַכט צו אָפֿענער קאָנטר-רעוואָלוציע, דאָס האָט בעשײַטע ריִכטיִק געטאָן דיִ „זוועזדאַ״ איִן איר לייטאַרטיִקל. מיר שטעלן די פֿראַגע, וועלכע איִנטערעסיִרט דיִ פּראָלעטאַריִשע געזעלשאַפֿטלעכקײַט: ציִ פֿאַרנעמט זיִך דיִ „פּאָליִמיאַ״ מיִט דערציִען אירע מיִטגליִדער, ציִ קריִסטאַליִזיִרט זי אויס דיִ אייניקע פּראָלעטאַריִשע מיינונג איִן דער פֿאַרייניִקונג, ציִ רעאַגיִרט זיִ צודערצײַט אַף דיִ אַנטפּלעקונגען פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִזם איִן אירע רייען? נאָך מער דערפֿאַר, ווײַל דודאַר איִז געקומען איִן דער ליִטעראַטור אַלס קאָמיוניִסט, דערפֿאַר, וואָס איִן אייניקע זײַנע שאַפֿונגען האָט זיִך אָפּגעשפּיִגלט דיִ היינטצײַטיִקײַט. איִן די געזעלשאַפֿטלעכע היִסכײַוועסן פֿון „פּאָליִמיאַ״, אַלס אַ פֿאַרייניִקונג פֿון סאָוועטיִשע שרײַבער, איִז אָן שום סאָפֿעק געווען אונטערהאַלטן דעם יונגן שרײַבער, ניט לאָזן איִם, ער זאָל אונטערפֿאַלן אונטער דער ויִרקונג פֿונם קלאַסנסוינע, זאָרגזאַם און צודערצײַט רעאַגיִרן אַף דיִ קרענקלעכע שטיִמונגען פֿון דעם אָדער יענעם מיִטגליד, און איִן דעם געגעבענעם פֿאַל, וויִ מיִט דודארן, געבן אַ ווידערשטאַנד, ווען ער האָט אָנגעהויבן אָפֿן אַרויסזאָגן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע שטיִמונגען. שאַפֿן אַזוינע באַדיִנגונגען איִן דער פֿאַרייניִקונג, אַז יעדער אַנטפּלעקונג, וואָס האָט אַ נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע באַפֿאַרבונג זאָל זיִך ניִט קענען צעבליִען. אונדז דוכט, אַז דיִ פֿאַרייניִקונג האָט אַזאַ דערציִונג-אַרבעט ניט געפֿיִרט. און אויב עס האָט זיִך שוין יאָ געפֿיִרט, איִז אָבער אַסאַך שוואַכער, איידער עס זײַנען געוואַקסן דוראַרס נאַציאָנאַליִסטיִשע טענדענצן.

דאָס סיִגנאַליִזיִרט זייער קלאָר, אַז „פּאָליִמיאַ״ האָט איִן געגעבענעם פֿאַל ניִט געפֿיִרט קײַן געהעריִקן קאַמף קעגן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִזם, וועלכער האָט איִבערגעצויגן איִן פֿײַנטלעכן לאַגער איינעם פֿון איִרע מיִטגליִדער. מיִר ריידן אויסשליִסלעך וועגן דעם דערפֿאַר, וואָס מיִט נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע טענדענצן איִן דער קיִנסטלעריִשער ליִטעראַטור דאַרפֿן קעמפֿן איִן דער ערשטער ריי דיִ ווײַסרוסיִשע פּראָלעטאַריִשע שרײַבער און נאָך מער דערפֿאַר, וואָס איִן „פּאָליִמיאַ״ גייען אויך אַרײַן אייניִקע באַוווּסטע פּראָלעטאַריִשע שרײַבער-קאָמוניִסטן. דער קאַמף פֿאַר דער אייניקײַט פֿון דער קלאַסן-ליִניע איִן דער קיִנסטלעריִשער ליִטעראַטור—דאָס איִז די טאָגטעגלעכע אַרבעט פֿון יעדן פֿאַרייניִקונג-מיִטגליִד, וועלכער וויל מיִט זײַן אַרבעט ברענגען נוצן דעם פּראָלעטאַריאַט, און דיִ „פּאָליִמיאַ״ איִז

געוויס אַזאַ פֿאַרייניקונג, וועלכע שטעלט זיך פֿאַר אַ צוועק קעמפֿן פֿאַר דעם קלאַסן-אינהאַלט אין די שאַפֿונגען פֿון אירע מיטגלידער. דאָס וועלן געוויס נעמען אין אַכט די מיטגלידער פֿון „פּאָלימיאַ" אין זייער טאָגטעגלעכער אַרבעט, אָבער אַ געפֿאַר איז דאָך פֿאַראַן אויך אין דעמדאָזיקן ריִנג פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור. און דאָ פֿאָדערן מיר פֿון אַזוינע שרײַבער, וועלכע פֿאַרשטייען זייער גוט די שעדלעכקייט פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם (ווײַל דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם איז פֿײַנטלעך דעם פּראָלעטאַריאַט) אַ מער קלאַסאָווע פּילכאַרקייט און אַנטשיידענעם קאַמף קעגן אַלע אַנטפּלעקונגען פֿון די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, אונטער וועלכן שילד זיי זאָלן זיך ניט באַהאַלטן, צי אונטערן „וויִנט פֿון מיזורעך", צי „אונטערן הימן פֿון דעם גאָלדענעם יאָרהונדערט".

צוגלײַך מיט דעם דאַרפֿן מיר ריידן וועגן די שעדלעכע, און אָפּטמאָל פֿײַנטלעכע, מאָטיוון, וועלכע ווו-ניט-ווו אַנטפּלעקן זיך אויך אין דער שאַפֿונג פֿון באַזונדערע בעלאַפּאָוצעס. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער „בעלאַפּפּ" פֿירט אַ ברייטע שעפֿערישע אַרבעט אין די באַדינגונגען פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסנקאַמף, וואָס בײַ דער נאָך ניט גענוגנדיקער דערציִונג-אַרבעט קען ער ניט ווירקן אַף זײַנע איינצלנע מיטגלידער און זיי מאַכן טעותן. מיר זאָגן גאַנץ באַוווסטזיניק דאָס וואָרט „טעותן", ווײַל בײַ די בעלאַפּאָוצעס באַמערקט זיך ניט אַ סיסטעם, אַ צוזאַמענבונד צווישן די איינצלנע קרענקלעכע מאָטיוון אין דער שאַפֿונג, און עס זײַנען דאָ נעמלעך טעותן. אָט פֿאַרוואָס מע דאַרף ריידן וועגן די טעותן, ווײַל זיי לערנען אונדז זייער פֿיל וועגן דעם, אַף וואָס מיר דאַרפֿן ווענדן אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט. עס קומט עפּעס אויס מאָדנע, ווען א יונגער כאַווער, וועלכער ווייס אַפֿילע ניט גוט, וואָס עס איז געווען אַמאָל, הויבט אָן מוירע האָבן פֿאַר דער רעוואָלוציע, גייט צו דער באָבעשע און גיסט ביטערע טרערן אַף דעם, וואָס אין דער רעוואָלוציע „שטיקט איין ברודער דעם צווייטן" און ער בענקט נאָך דעם אַלטן. דעם צווייטן, אויך אַ יונגער כאַווער, פֿאַרכאַפּט דאָס לעבן פֿון שענק. דער 3-טער קען ניט פֿאַרענדיקן מיט זײַן ליבע צו דער „געליבטער שפּײַזערן-ערד". דאָס און אַנדערע פֿאַקטן ריידן וועגן דעם, אַז איניקע זײַנען נאָך ניט באַדעקט מיט פֿעדערן און אַז אָנהויבנדיק זינגען, נעמען זיי איבער גאַנץ אָפֿט אַזוינע נאָטקעס, וועלכע זיי הערן פֿון אַלטן. דער גאַנצער אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס דידאָזיקע כאַווײַרים קענען נאָך ניט אַנאַליזירן גוט דאָס, וואָס זיי זעען און זיי גלויבן אַפֿן וואָרט יענע, וועמען מען טאָר בעשום אויפֿן ניט גלויבן. אָפֿט טרעפֿט אַזוי, אַז דער „טויטער כאַפּט דעם לעבעדיקן" און פֿירט אים אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג. פֿעלערן זײַנען דאָ אויך אין דער שאַפֿונג פֿון שרײַבער פֿון „בעלאַפּפּ" און וועגן זיי דאַרף מען סיגנאַליזירן.

מיר האָבן ניט אָנגערירט אַ גאַנצע ריי בײַשפּילן, וועלכע זאָגן אײדעס, אַז עס איז דאָ אַ געפֿאַר אין דער אַרבעט פֿון איינצלנע ריִנגען פֿון אונדזערע שרײַבער, אָבער מיר רעכענען, אַז שוין די געבראַכטע בײַשפּילן זײַנען גענוג, אַז מיר זאָלן מאַכן אַן אויספֿיר: די געפֿאַר אַפֿן ליטעראַרישן פֿראָנט פֿאָדערט פֿון אונדז מער אויפֿמערקזאַמקייט ווי ביז איצט.

עס איז זייער פֿאַרשטענדלעך, אַז דער לייענער פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור קען זיך ניט שרעקן פֿאַר יענע געפֿערלעכע אַנטפּלעקונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט, ווײַל בא אונדז אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור איז שוין פֿאַרלייגט דער פֿונדאַמענט פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וועלכע וועט זיגן. מיר האָבן בעעמעס פּראָלעטאַרישע ווערק, וועלכע רופֿן צום קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם, וועלכע צינדן אָן דעם לייענער מיט ענטוזיאַזם.

דער פּראָלעטאַרישער לייענער, דער האָרעפּאַשניק-לייענער ווייס גוט אויך זײַנע „באַרוועסע אַף דער סרייפּע" (מיכאַס טשאַראָט), וועלכע האָבן צערוינירט די אַלטע וועלט; דער פּראָלעטאַרישער לייענט מיט פֿאַרגעניגן וועגן פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט געקעמפֿט

פֿאַר דער רעוואָלוציע (א. זוואָנאַק); אים, דעמדאָזיקן לייענער, זײַנען נאָענט די סלופּעס, וועלכע האָבן זיך געלאָזט לויפֿן פֿון אָסינבוי (מ. גאָלדבערג), ער לייענט מיט שטאָלץ פֿון אַ זיגער דעם „10-טן פּאָדמוראָק" (פּ. טרוס); דעם האָרעפּאַשניק-לייענער זײַנען פֿאַרשטענדלעך אזוינע זאַכן, ווי „אַנדריי לעטון" (לינקאָוו), ווי עס ווערט באַשריבן דאָס לעבן פֿון אײַזנבאַן-אַרבעטער, דער לייענער וויס אויך „קאָמסאָמאָליע" (טשאַראָט) און „באָלשעוויק באכרים" (אַלעקסאַנדראָוויטש), ער פֿאַרשטייט אויך דעם „באַלעבאָס" (צ. האַרטני) א. א. וו.

אַ גאַנצע ריי פּראָלעטאַרישע שרײַבער און, אין דער ערשטער ריי, די כאַוויירים, וועלכע גייען אַרײַן אין „בעלאַפּפּ", שאַפֿן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, קעמפֿן פֿאַר איר העגעמאָניע, גיבן נײַע בילדער, באַווײַזן דעם קעמפֿער פֿאַר סאָוועטנווײַסרוסלאַנד, פֿאַר דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, באַווײַזן אויך די בויונג און יענע, וועלכע בויען דאָס נײַע, דאָס, וואָס עס דערציט דעם לייענער און צינדט אים אָן מיט ענטוזיאַזם בויען און קעמפֿן.

עמעס, די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז נאָך בײַ אונדז ניט קיין העגעמאָן, זי וואַקסט. איר אָנהויב איז פֿאַרלייגט געוואָרן אין 1921 יאָר דורך מיכאַס טשאַראָטס פּאָעמע. די „באָרוועסע" זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין שלאַכט מיט דער אַלטער וועלט. אין דער פּאָעמע האָט טשאַראָט גערופֿן:

„ווער ניט אונדזער איז, יענעם שטיק,
באָרוועס ווער—מיט אונדז זיך שטעלט,
ווער דערשלאָגן איז און הייל...
היי נאָך אונדז—אין נײַער וועלט..."

אַסאַך מער האָבן אין יענער צײַט זיך דערשראָקן פֿאַר דעמדאָזיקן רוף, אָבער יענע, וועמען די „באָרוועסע" זײַנען געווען נאָענטע, אייגענע, האָבן זיך ניט דערשראָקן, זיי האָבן אויסגעטיילט פֿון זייערע רייען יונגע מוטיקע זינגער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זינגען אַף אַ נײַעם אויפֿן. דידאָזיקע פּאָעמע איז געווען „בלויז דער ערשטער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע" (קנאָרין—„אָפּן וועג צו דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע").

מיר האָבן מיט אַ קיוון אָפּגעשטעלט די אויפֿמערקזאַמקייט אַף דערדאָזיקער פּאָעמע דערפֿאַר, ווײַל פֿונדאַנען נעמט זיך דער קוואַל פֿון דער נײַער טעמאַטיק, וועלכע האָט דאַן (אין 1921-22 י.) געפֿונען איר אָנהענגער אין דער ריי פֿון די דעמלט נאָך יונגע אָנפֿאַנגער-שרײַבער, וועלכע האָבן געשאַפֿן די פֿאַרייניקונג „מאָלאָדניאַק". אָט דידאָזיקע פֿאַרייניקונג האָט פֿאַראַיאָרן צוליעצט אויסגעקריסטאַליזירט זיך אין אַ פֿאַרייניקונג פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער און איז אַרײַן אין „וואַפּפּ", אַלס ווײַסרוסישע אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער. דאָס אליין, וואָס דער „מאָלאָדניאַק" איז אַרײַן אין „וואַפּפּ", זאָגט איידעס וועגן דעם פּאָליטישן פּאָנים פֿון „בעלאַפּפּ", זאָגט איידעס, אז די כאַוויירים, וועלכע גייען אַרײַן אין דערדאָזיקער פֿאַרייניקונג, האָבן פֿאַרשטאַנען די נייטיקייט פֿון ענגן פֿאַרבאַנד מיט די פּראָלעטאַרישע שרײַבער פֿון אַנדערע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן, ווײַל די ליטעראַרישע שאַפֿונג איז אַ קלאַסאָווע און אַרויסטרעטן דאַרף מען צוזאַמען מיט יענע, וועלכע קעמפֿן פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור—דאָס איז איינס. צווייטנס—דער „בעלאַפּפּ" האָט פֿאַרייניקט די פּראָלעטאַרישע שרײַבער פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן: יידן, פּוילן, ליטווינער, לעטן, אַזויאַרום האָט ער באַשאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמירונג פֿון דער קלאַסאָווער איינהייט פֿון די שרײַבער פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

בײַ הײַנטיקן טאָג האָט דער „בעלאַפּ" אין זײַנע רייען אַסאַך ווײַסרוסישע שרײַבער, וועלכע האָבן מיט זייערע שאַפֿונגען געמאָלט דעם קאַמף פֿאַר קאָמוניזם. מ. לינקאָוו, האָלאָוואַטש, טרוס, מוראַשקאָ, לימאַנאָווסקי, קאָוואַל און אַנדערע

גיבן פאַר דער לעצטער צײַט אַלץ נײַע און נײַע ווערק, וועלכע זאָגן איידעס, אַז די ווײַס-רוסישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור וואַקסט.

אַ פּאָזיטיווע דערשײַנונג איז דאָס, וואָס דער „בעלאַפּפּ" פירט אַ קאַמף פאַר דער ריינקײַט פון דער קלאַסאָווער ליניע אין די ליטעראַרישע ווערק פון זײַן פאַריינִיקונג, פירט אַ דערציִונג-אַרבעט צווישן זײַנע מיטגלידער און פאַר דער לעצטער צײַט האָט ער פאַנאַנדערגעוויקלט אַ קריטישע אַרבעט אפן גאַנצן ליטעראַרישן פראָנט. דער „בעלאַפּפּ" איז גוט צוזאַמענגעבונדן מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן דורך ליטעראַרישע אָוונטן און לייענער-פאַרזאַמלונגען. אַ גרויסע באַדײַטונג פאַרן שאַפן פון די בעלאַפּאָוצעס האָט אויך דער אַרויספאָר פון אייניקע כאַווייריִם אַף די גרעסטע אונטערנעמונגען, אין קאָלווירטן, קאָמונעס און אַף די טאָרף-באַאַרבעטונגען.

אָבער ניט קוקנדיק אַף דעם וווּקס פון דער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע אין „בעלאַפּפּ", ניט קוקנדיק אַף די דערגרייכונגען אין קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דאַרף די מאַרקסיסטישע קריטיק העלפן די בעלאַפּאָוצעס אין זייער קאַמף פאַר דער אידעישער ריינקײַט פון די ווערק, אין קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

צום באַדויערן, בײַ דעם וווּקס פון דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע בײַ אונדז, איז נאָך שוואַך די מאַרקסיסטישע קריטיק. און דאָ טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אונטערן שלייער פון מאַרקסיסטישער קריטיק טרעטן אַרויס פאָרמאַליסטן-עקלעקטיקער, וועלכע האָבן קיין שום שײַכעס ניט צום מאַרקסיזם (א. ביִקאָוו, צוועטקאָוו, א. א.), וועלכע ניט נאָר זיי העלפן ניט, נאָר מיט זייער קריטיק ברענגען זיי שאָדן. צום בײַשפּיל: אַ בעלאַפּאָוועץ האָט אָנגעשריבן אַ דערציילונג, אין וועלכער ער האָט אָפּגעשפּיגלט די פּערזענלעכע אומעטיקע שטימונגען וועגן דעם לעבן פון די פויערים אין סיביר, און דערנאָך האָט ער אַליין דאָס קריטיקירט. האָט אַ קריטיקער געקראָגן היספּײַלעס פון דער דערציילונג און האָט זי שטאַרק געלויבט. איז גוט, אַז דער יונגער כ' האָט אַליין געקאָנט אַ קריטיקיר טאָן דעם קריטיקער, אָבער ווען דער שרײַבער וואָלט געגלויבט אַזאַ קריטיק, וואָלט געווען ניט זייער גוט.

„דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון אונדזער קולטור קען מען פאַרזיכערן בלויז מיט דעם אומבעראַכמאָנעסדיקן קריטיקירן די רעשטלעך פון בורזשואַזן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, מיט דעם אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן עלעמענטן פײַנטלעכע דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס דרינגען אַריין אין דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער קולטור פון דער בורזשואַזער וועלט-אָנשויונג. דורך דעם, וואָס אונדזערע יונגע קולטורעלע קאַדרען וועלן זיך דורכדרינגען מיט דער מאַרקסיסטישער וועלטאָנשויונג און מעטאָדאָלאָגיע און דורך דער סיסטעמאַטישער צוגרייטונג פון נײַע מאַרקסיסטישע קאַדרען קולטורעלע טוער, וועלכע זאָלן אַרויס פון פּראָלעטאַריאַט און פון די אָרעמע שיכטן פון ווײַסרוסישן פויערטום. דאָס ניט וועלן אַוועקשטעלן וועלכע ניט איז פון דידאָזיקע אויפגאַבעס וואָלט אומבאַדינגט ברענגען צו דער פאַרקריפּלונג פון אונדזער ליניע, צו ניטפּראָלעטאַרישע קליינבורזשואַזע אָפּנויגן אין אונדזער קולטורעלער בויונג, צום אַראָפּגליטשן זיך פון די פּראָלעטאַרישע קלאַסאָווע רעלסן, צום אָפּשוואַכן די פּאָזיציעס פון אַרבעטער-קלאַס אין דער נײַער ווײַסרוסישער קולטור.

די קריטיק פון דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם דאַרף באַשטיין, ערשטנס, אין קריטיקירן יענעם באַגאַזש, וועלכער איז אונדז געבליבן פון דער ביז-רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, צווייטנס, אין קריטיקירן די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע אָפּנויגן און אָפּנויגעלעך, וועלכע זײַנען פאַראַן אין דער קולטורעל-פּאָליטישער, פּובליציסטישער, וויסנשאַפטלעכער און קינסטלעריש-ליטעראַרישער טעטיקײַט פון איינצלנע טוער סײַ די, וועלכע זײַנען אויסגעוואַקסן אין דער צײַט פון רעוואָלוציע פון דער קליינבורזשואַזיע און פויערטום און איבערהויפּט פון יענע, וועלכע זײַנען אַריבער

פֿון לאַגער פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיע און „אויפֿלעבונג“ אַף דינען דער רעוואָלוציע. דריטנס, אין קריטיקירן די פּרווון דורכשלעפּן אין אונדזער וויסנשאַפֿטלעכער, פּובליציסטישער און קינסטלערישער ליטעראַטור די אָנשויונגען, וועלכע באַטראַכטן אַ נאַציע אַלס אַ גאַנצן איינס, וועלכע זעען ניט דעם קלאַסנקאַמף אין דעם אָוואַר פֿון ווייסרוסלאַנד און דערשאַצן ניט דעם קלאַסנקאַמף איצט“. (אויסצוג פֿון קנאָרינס „פֿאַר דער קולטור-רעוואָלוציע“, זייט 79).

אַף דורכפֿירן אין לעבן אָט די אויפֿגאַבן פֿון דער קריטיק האָט זיך גענומען די ליטעראַרישע סעקציע באַ דער געזעלשאַפֿט פֿון מאַרקסיסטן. עס איז שוין געמאַכט געוואָרן דער ערשטער אָנהויב אַף באַטראַכטן פֿראַגן פֿון ליטעראַטור און ליטעראַטור-קענטעניש. אָבער די געזעלשאַפֿט פֿון מאַרקסיסטן האָט נאָר אָנגעהויבן דיזאָזיקע אַרבעט, מע דאַרף איר מיט דער גאַנצער אָנטשלאָסנקייט פֿאַרברייטערן און פֿאַרטיפֿערן, פֿאַראייניקנדיק אַרום איר די יונגע פּראָלעטאַרישע שרייבער, דערציענדיק זיי אַלס שטאַנדהאַפֿטיקע, בעעמעס מאַרקסיסטישע קריטיקער.

אַפֿן ליטעראַרישן צירקל פֿון קולטור-פֿראָנט גייט אַ האַרבער קלאַסנקאַמף. די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור מאַכט אַן אָנגריף אַף דעמדאָזיקן געביט. די מאַרקסיסטישע קריטיק, די פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפֿטלעכקייט דאַרף העלפֿן אין קאַמף פֿאַר דער העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

די דערפֿאָלגרייכקייט פֿון דעם קאַמף אַף דעמדאָזיקן פֿראָנט וועט זיין פֿאַרזיכערט באַ דעם באַדינג, אויב אין דעמדאָזיקן קאַמף וועלן אַריינגעצויגן ווערן די ברייטסטע מאַסן פֿון אונדזער פּאַרטיי. די פּאַרטיי-מיטגלידער, און אין דער ערשטער ריי יענע, וועלכע אַרבעטן אַפֿן קולטור-פֿראָנט, דאַרפֿן ווענדן מער אויפֿמערקזאַמקייט ווי ביז איצט אַף די פּראָצעסן, וועלכע קומען פֿאָר אין דער ליטעראַטור און קלאָר מאַכן דעם קלאַסאָוון כאַראַקטער פֿון די קינסטלערישע ווערק.

„שטאַרק און דייטלעך דורכפֿירן די קלאַסאָווע פּראָלעטאַרישע ליניע אין דער קולטור-בויונג, פֿירן אַן אַנטשיידנסטן אַקשאָנעסדיקן קאַמף קעגן דער אידעאָלאָגיע, וועלכע איז פֿרעמד דעם פּראָלעטאַריאַט“—אָט דאָס איז איינע פֿון די אָרדנטלעכע אויפֿגאַבן, וועלכע שטייען פֿאַר דער פּאַרטיי, און אַף אויספֿילן אָט דיזאָזיקע אויפֿגאַבע דאַרף צוגעצויגן ווערן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע פּאַרטיי-מיטגלידער, געדענקענדיק, אַז מיר פֿאַרווירקלעכן איצט דעם לאָזונג: „די ק. פּ. (ב) ו. בעראָש פֿון דער קולטור-בויונג“.

א. באַך.

# דער סאָציאַל-פאַשיזם אין דייטשלאַנד.

דער איבערגאַנג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צום סאָציאַל-פאַשיזם האָט זיינע עטאַפּן און שטופן. דער וויכטיקסטער עטאַפּ איז—דער נאָכמילכאָמע-רעפאָרמיזם. דער אָפּגאַנג פון דער קלאַסן-ליניע האָט זיך שוין באַ די סאָציאַל-רעפאָרמיסטן אָנגעהויבן נאָך פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. אָבער דאַן האָט נאָך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געשפּילט די ראָל פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער אַרבעטער-פּאַרטיי. קאָלזמאַן די בורזשואַזיע האָט געהאַט אונטער זיך אַ פעסטן באָדן און די פולע מאַכט אין די הענט, האָט מען אויך רעפאָרמען לעטויוועס די האָרעפּאַשנע מאַסן געמוזט דערשלאָגן זיך, אויסדרייסן. דערפאַר האָט אויך דער דעמלטיקער קאַמף פאַר רעפאָרמען געהאַט געוויס ניט קיין רעוואָלוציאָנערן, אָבער דאָך אַן אָפּאָזיציאָנעלע באַדייטונג. אָבער נאָך דער מילכאָמע, ווען די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם איז אין איר יעסאָד צעטרייסלט געוואָרן, און די בורזשואַזיע איז אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פון אירע מאַכט-פּאָזיציעס, אין אַ מאָמענט פון רעוואָלוציאָנערן אָנגריף אַף דער בורזשואַזער מעלוכע-מאַכט (ווי דאָס איז געווען אין דייטשלאַנד)—אין אַזאַ מאָמענט זיינען די רעפאָרמען געווען פאַרעטערישע, קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע.

אויב פריער האָבן רעפאָרמען באַטייט געוויסע האַנאָכעס מיצאַד דער בורזשואַזיע, האָבן זיי איצט אינם מאָמענט פון רעוואָלוציע, באַטייט די קאַפּיטולאַציע מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט. דער פאָרמעלער סאָציאַל-רעפאָרמיזם איז שוין דעריבער גלייך נאָך דער מילכאָמע געווען אַ פאַרעטערישער אייַנרייס מיט סאָציאַליזם, מיטן אַרבעטער-קלאַס און אַ מיל-שריט צו דער קאָנטער-רעוואָלוציע. נאָר קאָלזמאַן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ניטדערלאָזן דעם אָנגריף פון פּראָלעטאַריאַט; וועגן ראַטעווען די בורזשואַזיע, האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע נאָך געהאַט צו טאָן מיטן „רעפאָרמיזם“, כאָטש קליינע רעפאָרמען און אויך דאָס—מער צוואָגעניש, ווי מאַמאָשעסדיקס, אָבער דאָך רעפאָרמען. אָבער נאָכן 23-טן יאָר, נאָך דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע, ווען די בורזשואַזיע איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן און געקומען צו דער מאַכט, איז אויך דער פאָרמעלער שווינדל-רעפאָרמיזם פאַרשוווּנדן. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע אָפּן כעשבן פונם אַרבעטער-קלאַס האָט, סאָפּקאָלסאָף, דערפירט צו שאַרפע קלאַסן-קאָנפליקטן, פון איין זייט, און צו דער פאַרשאַרפונג פון דער קאָנקורענץ פון די פאַרשיידענע אימפּעריאַליסטישע גרופּן, פון דער אַנדער זייט. ווירטשאַפטלעך איז די בורזשואַזיע געצוווּנגען געווען צו „ראַציאָנאַליזירן“ אויך די „רעפאָרמען“ און ביסלעכווייז אָפּשאַפן זיי. פּאָליטיש איז די בורזשואַזיע געווען גענוג שטאַרק און דער אויסקויף דורך רעפאָרמען איז איר מער ניט נייטיק געווען. אין דעם מאָמענט האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַרלאָרן איר ווערט פאַר דער בורזשואַזיע. „דער מאָר האָט זיינס געטאָן, דער מאָר קאָן גיין“, און דער דייטשישער טרעסט-קאַפּיטאַל שאַפט זיין רעכטן „בירגער-בלאָק“ און באַגייט זיך אָן

דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די בורזשואַזיע האָט אַליין געבאָלעבאַטעוועט. קאָלזמאַן די אַר-
בעטער זײַנען געווען אין אַ יערידע-שטימונג, פּאַסיוו און געלאָזט זיך „פֿרידלעך” עקספּלו-
אַטירן האָט דער „רעכטער בלאָק” ניט געוואָלט וויסן פֿון וואָסערע ניט איז שוטפֿעס מיט
דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. שפּעטער, ווען דער אַרבעטער-קלאַס האָט אָנגעהויבן קומען צו
זיך און אַריבערגיין צו אַ קאָנטער-אָנגריף, איז פֿאַרן טרעסט-קאַפּיטאַל ווידער אַקטועל גע-
וואָרן די קאָאַליציע—מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אָבער דאָס מאָל האָט די קאָאַליציע
געהאַט דעם ציל אַ דורכצופֿירן דעם אַנגריף פֿון טרעסט-קאַפּיטאַל אַפֿן גאַנצן ווירט-
שאַפֿטלעכן און פּאָליטישן פֿראָנט. דאָס מאָל האָט ניט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר די
בורזשואַזיע די אינציאַטיוו אין אירע הענט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פֿירט שוין
ניט קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטיק, זי איז אַף דינסט באַם טרעסט-קאַפּי-
טאַל. די געלע פּראָפֿאַריינען ווערן שטרײַקברעכערישע אָרגאַנען פֿון טרעסט-קאַ-
פּיטאַל און די פּאָליטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי שאַפֿט די טעראָר-אָרגאַנען פֿון
דער בורזשואַזער מעלוכע.

איצט איז שוין מער קײַן פּלאַץ ניטאָ אַפֿילע פֿאַרן פֿאָרמעלן אָפּגעאָרערישן „סאָציאַל-
רעפֿאָרמיזם”, די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט איבערגעבאָרן אין אַ פּאַרטיי פֿון סאָציאַלן
פֿאַשיזם. דער נײַער סאָציאַל-פֿאַשיסטישער קורס וויקלט זיך פֿאַנאַנדער אויסערגע-
וויינטלעך שנעל. די סאָציאַל-פֿאַשיסטן פֿאַרברענען אַלע זייערע אַלטע סאָציאַליסטישע שיי-
מעס איינע נאָך דער אַנדערער. זיי זאָגן זיך אָפּ פֿון מאַרקסיזם, פֿון קלאַסן-קולטור, פֿון וואָ-
סער ניט איז קלאַסן-אײַנשטעלונג, זיי דערנעענטערן זיך אַלץ מער צו דער רעליגיע, מאַכן
שאָלעם מיט דער קירכע; פֿירן אַדורך אַן אָפֿענע שטרײַקברעכערישע פּאָליטיק; דער-
קייקלען זיך ביז פֿאַרבאָטן פֿרײַע פֿאַרזאַמלונגען, אָפּשאַפֿן די קאָמוניסטישע פּרעסע, די רוי-
טע פֿראָנטאָוויקעס, דערגייען ביז אַרבעטער-פּאָגראָמען. דעמראָזיקן מאַרש באַרג אַראָפּ פֿרו-
בירן זיי נאָך פֿון צײַט צו צײַט צו פֿאַרדעקן מיט אַ רויך-פֿאָרהאַנג פֿון אַלטע ווערטער
וועגן „סאָציאַליזם”, „דעמאָקראַטיע”. די אַלטע טראַדיציע-שיימעס באַמבלען זיך נאָך באַ זיי
ווי אַ פֿאַדדריסלעכע דערינערונג, ביז עס קומט אָן דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי-טאָג, ווו די
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דעמאַסקירט זיך אויך פֿראַזעאָלאָגיש; זי נעמט אָן אָפֿיציעל
אַ סאָציאַל-פֿאַשיסטישע פּראָגראַם.

## דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר.

די דערעפֿענונג-רעדע פֿון ציניקער וועלס (פֿאָרזיצער פֿון צ. ק.) האָט שוין אָנגע-
צייכנט דעם כאַראַקטער פֿונם גאַנצן צוזאַמענפֿאָר. צוויי מאָמענטן כאַראַקטעריזירן דעם „פֿי-
רערס” רעדע: ערשטנס, וואָס קימאַט די גאַנצע רעדע איז געווידמעט דעם קאַמף קעגן קאָ-
מוניזם. דער קורצער זין פֿון וועלס לאַנגער רעדע איז—„דער פֿײַנט שטייט לינקס”. צווייטנס,
די דערקלערונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז גרייט צושטיין צו אַ פֿאַשיסטישער דיק-
טאַטור. וועלס—דער דראָט-ציער פֿון אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿאַרברעכנס, צייכנט
זיך אויס שטענדיק מיט זײַן הינטישן אינסטינקט פֿאַר די נויטן פֿון דער בורזשואַזיע. וועלס
איז איינער פֿון די געניטסטע, אומפֿאַרשעמטע פֿעלשער פֿון דער סאָציאַליסטישער מאַטביע,
איינער פֿון די סאַמע קופּערנע שטערנס פֿון די סאָציאַל-ציניקער, וואָס קערעווען מיט דער
דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. וועלס איז דער פּאָליטישער באַלגוף פֿון דער גאַנצער
פֿירער-באַנדע פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס פֿאַרייניקט אין זיך אַ ברו-
טאַלן האַס צו רעוואָלוציע און אַ ביליקן ליגנערישן פּאַטאָס פֿאַר „דעמאָקראַטיע” און
„פֿרײַהײַט”. וועלס איז דער גײַסטיקער קוואַטער פֿון יעטווידער נײַער פּאָליטישער יערידע
פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. וועלס האָט אָפֿן מאַגדעבורגער פּאַרטיי-

צוזאַמענפאָר פון די דײַטשישע ס.-ד. געשפּילט די ערשטע פידל פון נײַעם סאָציאַל-פאַשיסטישן קורס.

וועלס אַרײַנפיר-וואָרט האָט דערגאַנצט און קאָנקרעטיזירט דער פּאַרטיי-סעקרעטאַר פאָגעל אין זײַן באַריכט. דערדאָזיקער באַריכט האָט אַנטהאַלטן דרײַ גרונט-פּונקטן; 1) די אַבסאָלוטע אָנערקערונג פון דער קאָאַליציע-פּאָליטיק. 2) די דערקלערונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן וועלן אויך אַף ווײַטער בויען פּאַנצער-שיפן. זיי וועלן אַקטיוו דורכפירן די באַוואָפענונג פון דײַטשישן אימפּעריאַליזם. 3) אַ בייזן אָנפאַל אַף דער סאָציאַליסטישער יוגנט „אַלמאַי זי מישט זיך אין פּאָליטיק" און וואַגט צו זײַן ניט צופרידן מיט דער פּאָליטיק פון צ. ק.

אויב פריער האָט זיך די פירער-באַנדע אַביסל זשענירט מיט דער קאָאַליציע; געזוכט אַלערליי טרוצים און אויסריידענישן צו באַרעכטיקן זייער מיעסע קאָאַליציע-פּאָליטיק, איז הײַנט ריידן זיי וועגן דעם, ווי וועגן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקײַט, ווי וועגן אַ גרונט פון דער גאַנצער סאָציאַל-פאַשיסטישער שיטע. פאָגעל אין זײַן באַריכט לייגט קלאָר פאָר צו פאַרבײַטן דעם פּרינציפּ פון קלאַסן-קאַמף מיט דעם פּרינציפּ פון קאָאַליציע. „קאָן מען דען שטענדיק אַרויסטרעטן און רופן צו קלאַסן-קאַמף? דערמיט קאָן מען גאָר גיט ניט אויפטאָן. ווידער שטיין אינגאַנצן פון דער זײַט קאָנען מיר אויך ניט. מיר מוזן קאָאַלירן" דאָס איז אַ פּאַשעטער אָפּגויג פון קלאַסן-קאַמף, וואָס איז, לויט פאָגעלן, אומפרוכטבאַר און אַ רוף צו פאַרבייטן אים מיט אַ מער פּראַקטישערן פרוכטבאַרן מעטאָד—מיט קאָאַליציע. טאָמער וועט איר פרעגן צוליב וואָס אַ קאָאַליציע? וואָסערע צילן שטעלט מען זיך בײַ דער „געבענטשטער" קאָאַליציע? פריער פלעגט זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַרויסדרייען פון דער פראַגע מיט פאַרשיידענע „סאַקאָנעס", „די סאַקאָנע פון פראַנקרײַך", „דער כורבן פון דער ווירטשאַפט", „די סאַקאָנע פון מאָנאַרכיזם" און דאָס גלײַכן. איצט אָבער איז דאָס אַלץ שוין פאַרבײַ. איצט זאָגן זיך די קאָאַליציע-קנעכט אינגאַנצן אָפּ פון וואָסער ניט איז פּראָגראַם. פאָגעל פרעגט: „וואָס פאַר אַ פּראָגראַם האָבן מיר אין דער קאָאַליציע"? און ענטפערט—„אין דער קאָאַליציע קאָן קײַן פּראָגראַם ניט זײַן, ווײַל קאָאַליציע באַטײַט טאָלערירן, וואָרעם אויב ניט טאָלערירן, איז ניטאָ צוליב וואָס צו אַרײַן אין אַ קאָאַליציע". צעשפירירט איר דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאָליטישן זשאַרגאָן, ווי „טאָלערירן", באַקומט איר דעם פּאָליטישן פשאַט, אַז קאָאַליציע פאַר זיך אַליין, דער עצעם אָנפירן מיט דער בורזשואַזער מעלוכע אונטערן דיקטאַטור פון טרעסט-קאַפּיטאַל, אָן קײַן שום פאָדערונגען מיצאַד די ארבעטער, איז אַ יעסאָד, אַ גרונט-שטיין פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק.

פון אַזאַ אַנטיקלאַסאָוון קוק אַף דער מעלוכע, פון אַזאַ פרומער פּרינציפּיעלער קאָאַליציע-פּאָליטיק איז, פאַרשטייט זיך, נאַטירלעך אויך די באַציונג צו דער יוגנט. „די יוגנט דאַרף זיך מיט פּאָליטיק ניט פאַרנעמען"—פירט אויס פאָגעל. דאָס איז דער טיפּישער בורזשואַזער שטאַנדפּונקט אַף דער „יוגנט" און אַף „פּאָליטיק". די בורזשואַזיע שטאָפּט אָן דער יוגנט מיט פאַרסאַמטן שאָוויניזם; מיט רעליגיע, מיט יונקערישן גײַסט; מיט די פינצטערע רעאַקציאָנערע שטרעמונגען, און דאָס אַלץ הייסט ניט כאָלילע „פּאָליטיק", אָבער ווי די „סאָציאַליסטישע יוגנט" פּרובירט פּראָטעסטירן קעגן די פּאַנצער-שיפלער, קעגן אָפענעם קלאַסן-פאַראַט—דאָס איז, פאַרשטייט זיך, „אַנטיפּעדאַגאָגיש", דאָס באַטײַט די „שעדלעכע ווירקונג פון פּאָליטיק אַף דער יוגנט". אַגעוו, דיזעלביקע פוילע, צוויאַצקע אומפּאַרטעיִשקײַט" האָט אַנטוויקלט אַ צווייטער צ. ק.-רעפערענט איבער דער בילדונג-אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אין איין באַטאָנען, אַז די שולן טאָרן ניט ווערן קײַן קלאַסן-שולן, אַז זיי מוזן בלײַבן „איבערפּאַרטעיִש", „אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע" און ניט קײַן פּראָלעטאַרישע.

# „פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן אַרבעטער־קלאַס איז אַ פּאַטש אין פּאָנים דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לערע“.

איבער דער קאָאַליציע- און פּאַנצער-שיף-פֿראַגע איז אויך אַרויסגעטראָטן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעמיער-מיניסטער אַליין—הערמאַן מילער...

מילער איז איינער פֿון די אויפֿגעקומענע פּאָליטישע פֿיגורן פֿאַר די צען יאָר קאָנטררעוואָלוציאָנערער דינסט פֿון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַ דער בורזשואַזיע. ער איז פֿון אַלע אַנדערע רענעגאַטן דער „גאַנצער“ מענטש, דער באַוועגלעכסטער. ער איז אָן אַ „סאָציאַליסטישן“ נעכטן; אָן אַ יערושע-באַלאַסט פֿון אַמאָליקע גוטע יאָרן; ער איז אויפֿגעקומען אין דער בעהאָלע-צייט פֿון נאָך דער מילכאָמע, געבאָרן געוואָרן אַ פּאַרטעטער; ער האָט זיין פּאָליטישע קאַריערע אָנגעהויבן פֿון קאָנטררעוואָלוציע; ער איז דער טיפּישער ספּעקוליאַנט פֿון דער בעהאָלעדיקער פּאָליטישער בירזשע פֿון די אומרויִקע נאָכמילכאָמע-יאָרן. אין די טעג פֿון פּאָליטישער אינפֿלאַציע האָט ער זיך מיט אַ פֿלינקער האַנט אָנגעלעבט קאַפּיטאַל. ער איז ניט קיין „באַנקראָטשיק“ ווי שיידעמאַן. ער האָט ניט קיין ליקווידאַציע-כעשבוינעס מיט אַמאָל און קיין צוקונפֿט-אילוזיעס. ער איז דער פּאָליטישער פּאַרוועניו; דער „פֿאַטאַלער פֿאַנאַטיקער פֿון ניכטערקייט“ (אַזוי לויבט אים דער „פֿאָרווערטס“), וואָס לעבט מיטן הייַנטיקן כאַזעריִשן טאָג פֿון דער פּאָליטישער בירזשע. מילער ווייסט צו זאָגן זייַנע כאַווייריִם אַף אַ פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר: „פֿאַרברענט אייַערע וואַל-מאַנוסקריפּטן“; ער ווייסט „אַז מאַרקסיזם איז שיימעס“, פֿון צוזאָגענישן, וואַל-האַוטאָכעס, פּרינציפּן, דעקלאַראַציִעס—פֿון די אַלע זאַבאַבאָנעס האַלט ער ניט. ער ווייס נאָר פֿון געשעפֿט. זיין גאַנצער אינערלעכער פּאַטאָס איז אַרייַנכאַפּן; זייַן באַגער—אָפּלעקן אַ ביינדל, זייַן וועג—פּאָליטישע מעקלעריי. אָט דער בירזן מאַרך פֿון די ביינער דורכגעפֿוילטער „פּראַקטיקער“, און פֿלינקסטער פּאָליטישער פֿערד-הענדלער איז דער פּראַקטישער אָנפֿירער פֿון דער גאַנצער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטישער שאַכעריי פֿאַר די נאָכמילכאָמע-יאָרן. מילער האָט זייַן ציל דערגרייכט. ער האָט מיט זיין פּאַרטיי ספּעקולירט, מיט יעטווידער פּאַראַט—אַ טרעפּ העכער אויפֿגעהויבן זיך צו זייַן פּאָליטישער קאַריערע, ער איז פֿון אַן אַמאָליקן „קליינעם פּריקאַזטשיקל געוואָרן דער גרעסטער פּריקאַזטשיק“ פֿונם טרעסט-קאַפּיטאַל אין זייַן מעלוכע. מילער אין זייַן רעדע אין מאַגדעבורג לאָזט זיך ניט אַרייַן אין קיין הויכע דראָכים. ער אָפּערירט מיט דער געגעבענער לאַגע; צוליב וואָס פּרינציפּן—ער זאָגט גלייַך און טרעפֿט אין קאַרפּ אַרייַן: „אויב איר ווילט צוליב די פּאַנצער-שיפֿן אַרויסרופֿן איצטער אַ רעגירונג-קריזיס, וועט איר זיך מאַכן אומשטערבלעך לעכערלעך“. דער גאַנצער צוזאַמענפֿאָר אַפּלאָדירט. יעטווידער פֿאַרשטייט, אַז מילער האָט געפּאַקט דעם אָקס פֿאַר די הערנער.

אַלע פֿילן, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק באַזונדערס פֿאַר די לעצטע יאָרן איז איין קייט פֿון קלאַסן-פֿאַרברעכן, איינער גרעסער פֿון אַנדערן. און די מייַסע פּאַנצער-שיף איז שוין לאַנג פֿאַרבלאַסט געוואָרן דורך נייַע פֿיל פֿרישערע פֿאַראַטן. אַף דעם פֿאָרשלאָג פֿון איינעם אַ דעלעגאַט, אַז „די ס.ד.-פּאַרטיי זאָל זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך נאָר פֿאַרן אַרבעטער-קלאַס מיט איר פּאָליטיק“—ענטפֿערט דער „אומאילוזאָרישער“ מילער: „דאָס וואָלט באַדייַטן אַ פּאַטש אין פּאָנים אַלץ, וואָס די ס. ד. פּריידיקט פֿאַר די לעצטע יאָרן“. האָפּטו געזאָגט אַלעף, מוזטו זאָגן טאָף. מילער ווייס ניט פֿון קיין כקירעס. די ברענענדיקע פּאָליטישע פּראַקטיק פֿון דער קאָאַליציע-פּאָליטיק פֿאָדערט: „פֿייַף אָפֿן אַרבעטער-קלאַס, זיצט פֿעסט אין זאָטל פֿון דער בורזשואַזער מעלוכע“ „זיי אַ מעלוכע-מאַן“ אַ מיניסטער. „זייַן אַ פּרעמיער-מיניסטער פֿון דייַטשלאַנד איז זייער אַ גרויסע ערע“—קאָן זיך ניט איינהאַלטן מילער און פֿראַלט אויס זיין גראָבע צופֿרידנקייט מיט זיין פּאַרוועניו-גליק. און דעם לעגאַטן פֿון צענדליקער קלענערע און מיטעלערע „מילערלעך“ קלייַבן נאַכעס און דערוואַ-

רעמען זיך מיט „גוטע האָפענונגען" און פאַטשן בראַוואָ... מילער האָט דערקלערט קורץ
און שאַרף—„מעג דער צוזאַמענפאָר צען מאָל באַשליסן קעגן דעם פאַנצער-שיפן-בוי, איך
וועל מיינס פאָרזעצן". ניט ווייל מילער איז אַזאַ „בונטאַר", כאָלילע, מילער איז, ווי מע
דאַרף, זייער אַ גלאַטשינקער, אַ קאָרעקטער, אַ גרויסער „פאָלגער". נאָר מילער
ווייס, אַז קיין וועג צוריק פון דער קאָאַליציע-בלאָטע איז פאַר דער ס. ד. ניטאָ, אַז זי האָט
נאָר איין וועג—זינקען טיפער, קריכן ווייטער. ער, דער דורכגעטריבענער מעקלער,
ווייסט, אַז ניט די פאַרטיי, נאָר די בורזשואַזיע האָט די דייע. די סאָציאַל-דעמאָקראַ-
טיע האָט שוין לאַנג פאַרלאָרן איר אייגענעם פאָליטישן ווילן, זי איז נאָר אַ שפּיל-
צייג אין די הענט פון טרעסט-קאַפּיטאַל, און דאָס גיט מילערן די מעגלעכקייט און דעם
מוט צו דערקלערן, אַז ניט ער וועט פאָלגן דער פאַרטיי, נאָר די פאַרטיי אים, ניט מילערן
דעם פאַרטיי-פירער, נאָר דעם אַגענט פון טרעסט-קאַפּיטאַל, דעם פרעמיער-
מיניסטער פון דייטשלאַנד.

## פאַרן „פאָטערלאַנד" און פאַר הינדענבורג-סאָציאַליזם.

די קרוין פון מאַגדעבורגער פאַרטיי-צוזאַמענפאָר איז געווען די נייע קריג-פראָג-
ראַם, וואָס דער צ. ק. האָט פאָרגעשלאָגן. דער רעפערענט איבער דער קריג-פראָגראַם
איז געווען דיטמאַן. מע מוז מודע זיין, אַז די פאָליציי-סאָציאַליסטן זיינען באַגאַבט מיט
אַ גוטן כוש פאַר מענטשן. זיי געפינען טאָמיד דעם פּאַסיקן מענטשן פאַר יעטווידער שמוציקל
פאָליטישער „מעלאָכע", וואָס זיי דאַרפן אָפטאָן. דיטמאַן איז דער יעזויט, דער גרעסטער
פאַרשווערער פון סאָציאַליסטישע ווערטער, דער אומפאַרשעמטער טעאָרעטישער
שווינדלער, דער טעאָרעטישער-פובליציסטישער פּארוס פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישן אָפּגאַנג.
דערדאָזיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גאַלעך שטאַמט פון דער לופט-פאַרטיי, פון די „אום-
אָפּהענגיקע סאָציאַליסטן", אָט פון דער פאַרטיי האָט ער געיאַרשנט כאַראַקטערלאָ-
זיקייט און צופּאַסונג-פעיקייט. דיטמאַן איז דער ריכטיקער מאַן פאַר דער „סאָציאַלי-
סטישער" באַגרינדונג פון דער אימפּעריאַליסטישער קריג-פראָגראַם. דיטמאַן, אין הייפּעך צו
מילערן, האָט דאַווקע ליב אַ רייט צו טאָן אין די וואָלקנס: צונויפצופּאָרן נישט געשטוי-
גענע און ניט געפלויגענע זאַכן; ער באַגאַנוועט דעם פראָלעטאַריאַט מיט פאַרגלאָצטע פרום
סאָציאַליסטישע אויגן. ער פאַרטיידיקט מיליטאַריזם, די שוואַרצע דייטשישע רייכסווער ניט
אַנדערש ווי אַלס די שול „פון דער דייטשישער רעפובליק, וואָס איז ניט קיין קאַפּי-
טאַליסטישע, נאָר אַן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם". קיינער וואָלט זיך ניט איינגעשטעלט צו
מאַכן אַזאַ לעצאָנעס, אַזאַ שאַרלאַטאַנסקע דערקלערונג, אַז די הינדענבורג-רעפובליק, פון
הונגער-לאָקאַוטן, פון לאַנגע אַרבעט-טעג, פון שטרייקברעכעריי, פון פאַרבאָטן און מאַסן-
האַריגעס, פון ביטערע קלאַסן-קאָנפליקטן,—אַז אָט די רעפובליק איז ניט קיין קאַפּיטאַלי-
סטישע.

דיטמאַן איז אומפאַרגלייכלעך אין זיין קרימינעלער כוצפע. ער וואַגט מיט פאַרגלאָצ-
טע אויגן צו דערקלערן, ניט מער און ניט ווייניקער „מיר אין דייטשלאַנד האָבן צו פאַר-
טיידיקן צען מאָל מער סאָציאַליזם, ווי די רוסישע אַרבעטער אין רוסלאַנד".

## דער גענעראַלער זשאַנדאַרם פונם סאָציאַל-פאַשיזם.

דאָס, וואָס דער פּאַיאַץ דיטמאַן האָט פאַרשלייערט אין „סאָציאַליזם" און „דעמאָ-
קראַטיע",—האָט דער פאָליציי-מיניסטער זעווערינג צעריסן מיט זיין פאָליצעישער זאַכלעכקייט,
מיט זיין פּראַקטישקייט. זעווערינג איז פון איין טייג מיט מילערן געקנאָטן. ווי מילער,
האָט אויך זעווערינג אויפגעבויט זיין קאַריערע אַף דער בלוטיקער מאַפּאָלע פון דער רע-
וואָלוציע. ווי די עמעסע פאַרקערפּערונג פונם פאָליצעישן גייסט, ווייסט אויך ער ניט פון

„טעאָריעס“. ער איז איינער פֿון די קלאַסיקער פֿונם פּוילן, ציניִשן „פּראַקטיציזם“ פֿון די דײַטשישע פּאָליצײַ-סאָציאַליסטן. דערדאָזיקער אײַגנאַרטיקער „פּראַקטיציזם“ דינט ווי אַ דעקמאַנטל פֿאַר אַלע פֿאַראַטן, פֿאַר אַלע פּאָליטישע נעוואָלעס. דערדאָזיקער פּראַקטיציזם לאָזט זיך פּראַקטיש אויס צו דעם, אַז אַלץ, וואָס איז פּראָלעטאַריש, לעטויוועס די אינטערעסן פֿון פּראָלעטאַריאַט איז „אַ כאָלעם“, „אַן אַוואַנטורע“, און אַלץ, וואָס איז גײַסטיק און נוציק פֿאַר דער בורזשואַזיע, איז „פֿאַרנינפֿטיק“, צוגענגלעך און „פּראַקטיש“. זעווערינג דערקלערט, „אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע מוז זיך שלאָגן אַלכעט פֿאַר איר באַציִונג צו דער רײַכסווער“ (אַרמיי); „אַז די רײַכסווער מוז באַקומען מיצאַד דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ניט נאָר פֿינאַנציעלן, נאָר אויך מאָראַלישן קרעדיט“. ער איז אָפֿנהאַרציק און זאָגט, אַז וועגן דעמאָקראַטיזירן די רײַכסווער קאָן גאָר קײַן רייד ניט זײַן. די רײַכסווער—האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד, ווײַל זי האָט געשיצט דײַטשלאַנד פֿון די פּאָליאַקעס און פֿון די באָלשעוויקעס.

זעווערינג איז אַזוי אָפּגעריסן געוואָרן פֿון אַן אַרבעטער-אַודיטאָריע, אַז פּאָלעמיזירנדיק מיט דער „לינקער“ אָפּאָזיציע פּלעגט זיך באַ אים אַרויסכאַפּן „די הערן פֿון דער אָפּאָזיציע“ און ער פֿלעגט זיך פֿאַרכאַפּן און פֿאַריכטן „די כאַווײרים פֿון דער אָפּאָזיציע“. אינסטינקטיוו קאָן ער שוין דעם וואָרט כאַווײרים ניט אַרויסריידן. זעווערינג, ווי אַ „פּראַקטיקער“ מאַכט ניט קײַן לאַנגע שיעס און דערקלערט גלײַך אָפּן אָרט. „ווען לעווי (אַ לינקער) פֿאָדערט באַוואָפֿענונג פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, צוליב זעלבסטשוץ וויל ער, אַפּאָנים, אַז געווער זאָל זיך וואַלגערן אַף אַלע טרעפּ. ניין. דאָס וועט קײַן רעגירונג, אַפֿילע די, ווו סאָציאַל-דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן זיצן, ניט דולדן. די רעגירונג וועט אָנעמען די שאַרפֿסטע מיטלען קעגן אַזאַ באַוואָפֿענונג“. איוורע ווי קלעצער. די שוואַרצמײַעדיקע, יונקערישע רײַכסווער, די בירגער-קריג-אַרמיי פֿון דער בורזשואַזיע—אַדעראַבע וועאַדעראַבע! דאָס איז אַ פּאַטריאָטישער כויוו. אָבער זעלבסטשוץ פֿון פּראָלעטאַריאַט—דאָס ניט. ווײַטער גיין איז ניטאָ וווהין. אַלע רעדעס זײַנען געווען אַדרעסירט צו דער בורזשואַזיע, וועקסלען אַף היִנטישער טרײַשאַפֿט צו דער קאָאַליציע. איבער די קעפּ פֿון די דעלעגאַטן האָבן די פֿירער דעקלאַרירט זייער טרײַשאַפֿט צו דער בורזשואַזער מעלוכע און גרייטקײַט צו דערטרינקען אין בלוט די רעוואָלוציע.

## די אידעאָלאָגישע ליקווידאַציע.

ווי אַ דערגאַנצונג צו דער קריג-פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אָפֿן מאַגדעבורגער פּאַרטיי-טאָג און צו די סאָציאַל-פֿאַשיסטישע רעדעס פֿון וועלסן און זעווערינג, איז געווען די „אידעאָלאָגישע“ דעקלאַראַציע פֿון געוועזענעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן מיניסטער זאַלמאַן. בײַס ער רעדט וועגן רעליגיע און דערקלערט: „מיר האָט מען פֿאַרויגט פֿאַר אַ פֿרומען סאָציאַליסט, כאָטש איך גיי ניט אין דער קירכע. איך האַלט, אַז פֿאַרן סאָציאַליזם איז קײַן כילעק ניטאָ צווישן אַטעיזם און רעליגיע. אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי געפֿינען זיך: אַטעיִסטן, מאָניסטן, פּאָזיטיוויסטן, קאַנטיאַנער, אידעאַליסטן, מאַטעריאַליסטן, קריסטלעכע סאָציאַליסטן און אַפֿילע ייִדן אויך (אַגעוו, אָט די אַנטיסעמיטישע אָנדײַטונג „אַפֿילע ייִדן אויך“ האָט אַרויסגערופֿן אַן אַלגעמיינעם שמייכל באַם אוילעם). מיר זײַנען אַ עקאָנאָמיש-פּאָליטישע פּאַרטיי און האָבן מיט אינטימע האַרץ-אָנגעלעגנהײַטן, ווי רעליגיע, וועלט-בליק ניט צו טאָן“. אַ פֿולשטענדיקער אָפּזאָג פֿון מאַרקסיזם און פֿון יעטווידער אידעאָלאָגיע. העפּקער פּעטרעשקע. ניט אומזיסט האָט נאָך פֿאַרן צוזאַמענפֿאָר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צײַטונג געשריבן („ברעסלאַווער פֿאָלקסבלאַט“)—„אָפּנעמען באַם פֿאָלק רעליגיע איז אַ פֿאַרברעכן. דערמיט נעמט מען אָפּ באַ מיליאָנען עלנטע מענטשן זייער איינציקן ליכטיקן אויסזיכט אַף יענער וועלט, זייער איינציקע טרייסט אין זייער עלנט און נויט“. דאָס איז ווירקלעך אַזוי. וואָס דען אַנדערש

האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פֿאַר די מיליאָנען עלנטע אַכוץ אַ ליכטיקן גאַניידן אַף יענער וועלט? עס איז בעווען דורכויס אין גײַסט פֿון מאַגדעבורגער פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר, ווען אַ סאָציאַל-פֿאַשיסטישער רעדנער האָט זיך צוגעזאָגן און מיט פֿרומער באַגײַסטערונג באַזונגען דעם פֿאַקט, וואָס מיט דער מוזיק פֿון באַכן, וואָס האָט אַמאָל אויסגעדריקט „די אייביקע ווערטן פֿונם יעוואַנגעליום" האָט זיך געעפֿנט דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר.

## די קאַפּיטוליאַציע פֿון די „לינקע".

באַם אָפֿענעם אויך פֿאָרמעלן איבערגאַנג פֿונם סאָציאַל-רעפֿאָרמיזם צום סאָציאַל-פֿאַשיזם האָט זיך אין מאַגדעבורג קלאָר פֿאַר אַלעמען אַרויסגעוויזן דער באַנקראָט פֿון די „לינקע". באַם צוזאַמענפֿאָר האָבן זיי אַלץ געטומלט, פֿאַרשטעלט זיך, אַז זיי פֿירן אָן אַ קאַמף אין די רייען פֿון דער ס. ד.-פּאַרטיי פֿאַר אַן אַנדערער פּראָלעטאַרישער ליניע. נאָך אַזעלכע נידערטרעכטיקע מײַסים, ווי די מײַסע פּאַנצער-שיפֿן, מײַ-שיסערײַען האָט מען געקענט דערוואַרטן, אַז די „לינקע" וועלן, לעכאָלעפּאָכעס, פֿון יויצע וועגן פּרו-בירן אינסצעניר אַן אָפּאָזיציע. אָבער אָט איז געקומען דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי-טאָג און די „לינקע" האָבן באַם ערשטן דרוק פֿון צ. ק. אָפּגעגעבן זייער גאַנצע אָפּאָזיציע. מיט קיין איין וואָרט האָבן זיי ניט דערמאָנט די בלוטיקע מײַ-געשעענישן. וועגן דער קאָאַליציע האָבן די זאַקסישע לינקע דעלעגאַטן דערקלערט: „אַז זיי זײַנען קיינמאָל ניט געווען פּ ר י נ צ י פּ י ע ל קעגן אָפּאָזיציע". סיידעוויל דערקלערט אין נאָמען פֿון די „לינקע", „אַז זיי זײַנען טרײַ דער פּאַרטיי און זײַנען קעגן יעטווידער שפּאַלטונג און זיי ווילן נאָר פֿרײַנטשאַפֿטלעך אַדורכשמועסן זיך וועגן דער פּאַרטיי-פּאָליטיק". עקשטיין, אַ לינקער, איז לאָיאַל און דערקלערט, „אַז זיי, די לינקע, האָבן קיינמאָל ניט געצווייפֿלט אין גוטן ווילן פֿון צ. ק. און זײַנען געווען קעגן דעם אויסשליס פֿון די פּאַנצער-שיפֿלער-מיניסטאָרן. ניט אומזיסט האָט אַ רעכטער פֿירער אירא̈ניזירט: „אַז די לינקע האָבן זיך אַנטוויקלט פֿון קילער פּאַרטיי-טאָג. היינט זײַנען זיי שוין פּרינציפּיעל פֿאַר אַ קאָאַליציע און עס איז צו האָפֿן, אַז צום קומענדיקן פּאַרטיי-טאָג וועלן זיי אָנעמען די קאָאַליציע-פּאָליטיק אַף די גאַנצע 100 פּראָצענט". שטיל און בראוו, קיין הויך וואָרט האָט מען פֿון די „לינקע" פּלאָקן-שיסערס אַפֿן מאַגדעבורגער פּאַרטיי-טאָג ניט געהערט. זיי האָבן פֿ ו ל-ש ט ע נ ד י ק איבגאַנצן קאַפּיטולירט. זיי האָבן זיך אין גרונט אָנגעשלאָסן אָן דעם גאַנצן סאָציאַל-פֿאַשיסטישן קורס פֿונם צ. ק. פֿאָגעל האָט פֿולשטענדיק ריכטיק דערקלערט, אַז „די „לינקע" זײַנען גוטע כאַווײרים און האָבן ניט פּרינציפּיעל קיין אַנדער פּאָליטישע ליניע, ווי די פּאַרטיי".

## אונטער קירכן-קלאַנגען צום סאָציאַל-פֿאַשיזם.

דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי-טאָג האָט אָפּגעוואָרפֿן אַלע פֿאָרשלאָגן וועגן פֿאַרקירצן דעם מיליטערישן ביודזשעט, וועגן אָפּשטעלן דעם בוי פֿון די פּאַנצער-שיפֿן, ער האָט אָנגענומען די אימפּעריאַליסטישע קריג-פּראָגראַם, אָנערקענט די פּראָגראַמלאָזע קאָאַליציע, אָפּגעוואָרפֿן אַלע פֿאָדערונגען פֿון העכערן די שטיצע פֿאַר אַרבעטלאָזע, אינוואַלידן, דערקלערט זײַן גרייטקײַט צו פֿאַשיסטישער דיקטאַטור; שטיל שווײַגנדיק באַשטעטיקט די אַרבעטער-פֿאַגראמען, דעם פּאָליציי-טעראָר, ליקווידירט די לעצטע שפּורן פֿון מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, פֿאַקטיש אָנערקענט די קירכע. און דעריקער דערקלערט אַ ה ײ ל י ק ן ק ר י ג דעם אַרבעטער-קלאַס און זײַן רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון אַגענטן פֿון טרעסט-קאַפּיטאַל, וואָס האָט אויסגעאַרבעט אַן אימפּעריאַליסטישע פּראָגראַם און מאָביליזירט די קויכעס קעגן דעם אַרבעטער-קלאַס. דאָס איז געווען דער ליקווידאַציע-צוזאַמענפֿאָר פֿון סאָציאַל-רעפֿאָרמיזם און דער ג ר י נ ד ו נ ג-צ ו ז אַ מ ע נ פֿ אָ ר פֿון סאָציאַל-פֿאַשיזם.

י. ליובאָמירסקי.

# דער פֿאַרגאַנגענער טעאַטער-סעזאָן.

## דרײַסיק נײַע פּיעסן.

דאָס ערשטע, וואָס עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן, ווען איר כאַפּט אַפֿילע אַן אויבנויפֿיקן בליק איבער דעם פֿאַרגאַנגענעם טעאַטער-סעזאָן, איז די קוואַנטיטאַטיווע גערעטעניש אַפֿן געביט פֿון דער נײַער ראַטן-דראַמאַטורגיע: דרײַסיק נײַע פּיעסן!

עמעס, פֿאַר אַזאַ אומגעהויער גרויס לאַנד, ווי ראַטנפֿאַרבאַנד, איז אַפֿילע אָט די צאָל אַף איין צאָן. ווײַל אויב אַ מאָסקווער אָדער אַ לענינגראַדער טעאַטער שטעלט צוויי-דרײַ פּיעסן, העכסטנס פֿיר אין פֿאַרלויף פֿון אַ סעזאָן, איז דער פּראָווינציעלער טעאַטער נאָך ביז היינטיקן טאָג געצוווּנגען שטעלן אַלע צוויי-דרײַ וואָכן נײַע פּיעסן. און די פּראָווינץ שעמט זיך שוין באַ היינטיקן טאָג לופֿטערן דעם אַלטן, פֿאַרשימלטן רעפּערטואַר. אַ פּאַשעטער סייכל: דער אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַרישער צושויער פֿאָדערט די נײַע פּיעסע, און דאַווקע די, וואָס האָט שוין אַף זיך דעם שטעמפּל פֿון אַ צענטראַלן (אַ מאָסקווער, אַ לענינגראַדער, אַ כאַרקאָווער) טעאַטער. האָט איר אײַך איינס.

כוץ דעם איז פֿאַר קיינעם קיין סאָד ניט, אַז אַפֿילע אונדזערע גרויסע פֿאַרבינדעטע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן, ווי אוקראַינע, ווײַסרוסלאַנד, גרוזיע, שלינגען מיט גרויס אַפּעטיט די פּיעסן, וואָס מאָסקווע און לענינגראַד פּראָדוצירן.

לויט די צוויי טײַמים גופֿע איז דרײַסיק פּיעסן זייער אַ באַשיידענע ציפֿער. אָבער אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿריערדיקע סעזאָנען איז עס אַ מעכטיקער שריט פֿאָרויס.

### די טעמאַטיק פֿון דער פֿרישער ראַטן-דראַמאַטורגיע.

אַז מיר וועלן נעמען באַטראַכטן אָט די נײַע פּיעסן בענוגייע צו די טעמעס, וואָס זיי האָבן באַריִרט, וועלן מיר אויך דאָ באַמערקן, אַז די אַלע דרײַסיק פּיעסן האָבן אַרומגעכאַפּט פֿאַרהעלטענישמעסיק אַן ענגן קרײַז פֿראַגן.

זיי טיילן זיך פֿאַנאַנדער אַף פֿאָלגנדיקע גרופּן:

א) בירגערקריג: „אַף בלוט" (דאָס 1905 יאָר)—מסטיסלאַווסקי; „די בלאָקאַדע"—(קראָנשטאַטער אויפֿשטאַנד) ו. ס. איוואַנאָוו; „די ווינטן-שטאָט" (דער קאַמף אַרום באַקו)—קירשאָן; „דער פֿײַערדיקער בריק" (כאַפּט אַרום בירגער-קריג און ווירטשאַפֿטלעכן איבערבוי אין ראַטנפֿאַרבאַנד)—ב. ראָמאַשאָוו; „דער סיגנאַל".

ב) וועגן שעדיקער אין אונדזער ווירטשאַפֿט: „די אונטערערד-שטימע" (שעדיקער אין די קוילנגרובן)—וו. ביל-בעלאָצערקאָווסקי; „אינזשענער מערץ"—ל. ניקולין; „דער באַרג זינגט"—ז. טשאַלאַיאַ; „די פֿײַנטשאַפֿט" („ניענאַוויסט")—יאַלצעוו, און ווידעראַמאָל—ראָמאַשאָוו „פֿײַערדיקער בריק", וווּ עס האַנדלט זיך אויך וועגן שעדיקערײַ;

ג) עטישע פּראָבלעמען (דעריקער—וועגן די געשלעכטלעכע באַציִונגען אין דער אַרומרינגלונג פֿונם נײַעם שטייגער): „אינגאַ"—אַנאַטאָלי גליעבאָוו; „די קוואַדראַטור

פֿון אַ קרײַז״—וו. קאַטאַיעוו; „פֿאַשווערונג פֿון געפֿילן״—יורי אָליעשאַ; „די וואַנץ״—וו. מאַ-יאַקאָווסקי; „די פֿרוי״—ק. טרעניאָוו; „נאָרד-אָסט״—שטשעגלאָוו; „מאַלינע-איינגעמאַכטס״—אַפֿיניאָגענאָוו, „די טויבע וואַנט״ און אַזוי ווײַטער.

## וואָס האָט די ראַטן-דראַמאַטורגיע פֿאַרפֿעלט?

ווי איר זעט, האָט אונדזער ראַטן-דראַמאַטורגיע פֿאַרפֿעלט זייער און וויכטיקע טעמעס, אַקטועלע טעמעס. מיר וועלן בלויז אייניקע פֿון זיי פּרוּוון אויסרעכענען.

עס זײַנען ניט באַריִרט געוואָרן די פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו דער פּאַרטיי-דיקונג פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד;

ניטאָ קימאַט אין קײַן איין פּיעסע וועגן דער סאָציאַליסטישער בויונג אין דאָרף.

עס איז אויך פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די פּראָבלעם פֿון קינסטלערישער אַנטירעליגי-עזער פּראָפּאַגאַנדע פֿון דער בינע.

קײַן איין פּיעסע וועגן אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג. אַף דער פֿראַגע וועגן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם האָט זיך דערווײַל אָפּגערופֿן איין ס. קרעפּוסקאַ מיט זײַן פּיעסע—„דעם בירגער סורקאָווס פֿאַרברעכן״. אַ שוואַכע פּיעסע, אָבער דערווײַל בעסער ווי גאָרניט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט בלויז אַ טייל פֿון די וויכטיקע אַק-טועלע פֿראַגן, וואָס אונדזערע דראַמאַטורגן האָבן פֿאַרפֿעלט.

## די קוואַליטעט פֿון די נײַע פּיעסן.

מען דאַרף מודיע זײַן, אַז ס׳ראָוו פּיעסן, וואָס זײַנען געבאָרן דעם לעצטן טעאַטער-סעזאָן, זײַנען מיצאַד זייער אידעאָלאָגיע גאַנץ צופֿרידנשטעליק. ווײַזט אויס, אַז דער נײַער דראַמאַטורג (ס׳ראָוו—פֿון די אַזויגערופֿענע מיטלויפֿער) ווערט צוביסלעך דורכגעדרונגען מיט דער געווונטשענער פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע.

עמעס, עס זײַנען געווען פּרוּוון אַרויסשלעפּן אַף דער בינע אידעאָלאָגיש-שעדלעכע פּיעסן, ווי צום בײַשפּיל, בולגאַקאָווס „ביעג״ („דאָס לויפֿעניש, די פּלייטע״) אין מאָסקווער ערשטן קינסטלערישן טעאַטער, סעמיאָנאָווס „נאַטאַליאַ טאַרפּאָוואַ״ אין מאָסקווער קאַמער-טעאַטער—האָט מען זיי פֿאַרצאַמט דעם וועג.

פֿונדעסטוועגן זײַנען געציילטע אידעאָלאָגיש-ניטקאָשערע פּיעסן, דורכגעקראָכן אַף דער בינע, צום בײַשפּיל, אין קאַמער-טעאַטער: בולגאַקאָווס—„דער רויטער אינדזל״ (כויזעק-מאַכערײַ איבערן הויפּטרעפּערטקאָם) און „דער נעגער״.

אויך אַזאַ אינטערעסאַנטע פּיעסע, ווי אָליעשאַס „פֿאַרשווערונג פֿון געפֿילן״ אין וואַכטאַנגאָוו-טעאַטער, איז זייער צווייִדײַטיק און קאָן דורך די קלאַסן-סאָנים אויסגעשײַטשט ווערן לעטויוועס זייער אידעאָלאָגיע.

דאָסגלײַכן קאָן מען מיצאַד אידעאָלאָגיע שטעלן אייניקע פֿראַגעצייכנס איבער ווסע-וואָלאָד איוואַנאָווס „בלאָקאַדע״—לויט ווי מען האָט זי אויסגעפֿירעמט, פֿאַרקערפּערט אין מאָסקווער ערשטן קינסטלערישן טעאַטער.

דאָסראָוו פּיעסן זײַנען געלונגען מיצאַד זייער סצעניִשקײַט.

באַזונדער סצעניש זײַנען: „דער פֿײַערדיקער בריק״, „אינזשענער מערץ״, „אינגאַ״, „די קוואַדראַטור פֿון אַ קרײַז״, „דער נעגער״, די פֿײַנטשאַפֿט״.

מיט דעם אויסדרוק „סצעניש״ בין איך דאָ אויסן דעריקער צוויי זאַכן: 1) די פּיעסע איז געבויט אַף אַן אינטערעסאַנטער אָנציִענדיקער אינטריגע און אַ צוטרעטלעכן קלאָרן דיאַלאָג און 2) די פּיעסע ווערט לײַכט אויפֿגעפּאַסט פֿונם מאַסן-צושויער.

אָבער אַ קאָשערע אידעאָלאָגיע און סצעניִשקײט אַליין איז נאָך קאַרג. פֿונם נײַעם ראַטן-דראַמאַטורג פֿאָדערט זיך נאָך אַן ערנסטער צוגאַנג צו געוויִסע פּראָבלעמעס, אַ פֿאַר־טיפֿערונג פֿון אָט די פּראָבלעמעס, אַן אָריגינעלע פֿאַרקערפּערונג פֿון די הײַנטיקע טיפּן און פֿיגורן.

קאָנען אונדז פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט באַפֿרידיקן די אַלע נײַע פּיעסן?

געוויס, נאָר אַ קלײנער טייל פֿון זיי: אַף די פֿינגער פֿון איין האַנט אויסצורעכענען.

צווישן אונדזערע נײַסטע דראַמאַטורגן איז פֿאַראַן אַ געוויסע צאָל געשיקטע דראַמען־מאַכערס, וואָס זײַנען גרויסע בעריעס זיך צופּאַסן צו דער נײַער אידעאָלאָגיע, וואָס אונדזער צײַט און אָנפֿירנדיקע אַוואַנגאַרדיִשע געזעלשאַפֿטלעכקײַט פֿאָדערט. אָט די דראַמענמאַכערס נוצן זייער קונציק אויס די פֿיגורן און טיפּן, וואָס די פּראָלעטאַריִשע ליטעראַטור און דראַ־מאַטורגיע האָט געשאַפֿן. זיי לאָקכענען דאָ אַ טיפּ פֿון אַ שעדיקער, דאָ אַ טיפּ פֿון אַ קעמ־פֿער־אַ רעוואָלוציאָנער, ערגעץ אַנדערש—אַ געוויסע אינטערעסאַנטע דראַמאַטישע סיטואַציע, און לויט אַ געוויסן דראַמאַטורגישן רעצעפּט—פֿאַרטיק אַ סצעניִשע מאָדערנע דראַמע אָדער קאָמעדיע. אַזויאַרום האָבן מיר אַ ריי נײַע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זײַנען אַף אַן ע ק־ל ע ק ט י ש ן אופֿן געבאָרן געוואָרן.

צווישן אָט די נײַע פּיעסן פֿונם לעצטן סעזאָן טיילן זיך אַרויס מיט זייער אָריגינעל־קײַט און טיפֿקײַט—„פֿאַרשווערונג פֿון געפֿילן“, „די בלאָקאַדע“, די ווינטן־שטאָט“. דאָ איז מען אַוועק פֿון שטייגעריִשע עפּיזאָדיִשע טעמעס צו טעמעס פֿון אַ גרויסן און ברייטן אידעאָ־לאָגישן מאַסשטאַב, צו פֿאַרטיפֿערטע מעטאָדן פֿון קינסטלעריִשער שילדערונג. מען האָט זיך דאָ אָבער אַזוי פֿאַרטיפֿט, אַז עס האָט זיך דער קאָפּ בא די דראַמאַטורגן פֿאַרדרייט, און זיי האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט, און אייניקע פֿון זיי, ווי יורי אָליעשאַ, פֿאַרבלאָנדזשעט ניט אַהין, וווּ מען באַדאַרף...

צוליב דעם איז שוין קיין וווּנדער ניט, וואָס אייניקע פֿון אונדזערע אָנגעזעענע פּאָ־ליט־אופֿקלער־טוער הערן ניט אוף צו שרײַען, אַז דער רעפּערטואַר־קריזיס דויערט נאָך און דויערט.

אַזאַ מיינונג האָט אַרויסגעזאָגט אויך פּ. פּ. ראַסקאָלניקאָוו, דער פֿאָרזיצער פֿון הויפּט־רעפּערטקאָם. ער זאָגט:

„עמעס, ווען מיר פֿירן אונטער אַ סאַכאַקל פֿונם פֿאַרגאַנגענעם טעאַטער־סעזאָן, באַ־מערקן מיר אַ געוויסן וווּקס פֿון דער פּראָלעטאַריִשער דראַמאַטורגיע. פֿונדעסטוועגן זײַנען די קלאַסן־פּאָזיציעס פֿונם פּראָלעטאַריאַט אַפֿן טעאַטראַלן פֿראָנט נאָך קנאַפּ פֿאַרפֿעסטיקט“.

## דער טעאַטער און די ליטעראַטור שמייכלען צו באַנאַנד...

ווען מיר באַטראַכטן דעם פּראָצעס, ווי די נײַע דראַמאַטורגיע ווערט אײַנגעבירגערט אין טעאַטער, באַמערקן מיר אַזאַ דערשײַנונג: ד ע ר ט ע אַ ט ע ר ד ע ר נ ע נ ט ע ר ט ז י ך צ ו ד ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר.

ווער פֿון אונדז געדענקט ניט, די ערשטע צוויי יאָר נאָך דער אָקטיאַבער־איבערקע־רעניש, מיט וואָס פֿאַר אַן אימפּעט—וואָס זאָג איך אימפּעט? מיט וואָס פֿאַר אַ גרימצאָרן מען האָט געטריבן „ליטעראַרישקײַט“ פֿון דער בינע?! ווענמען איז דאַן אָנגעגאַנגען דאָס געשליפֿענע עכט־ליטעראַריִשע וואָרט אַף דער בינע! אַז מיט אַזעלכע געניאַלע דיכטער, ווי ווערכאַרן, האָט מען קיין קײַן לאַנגע מאַכזאָקעס ניט געמאַכט, און מען האָט זיי געקאַר־דאַשעט אַף וואָס די וועלט שטייט. אַלץ לעשיים עכטער טעאַטראַליִשקײַט. לעבן זאָל די דינאַמיק, די בליצאַרטיקע באַוועגונג אַף דער בינע! און דאָס וואָרט? דאָס וואָרט איז דאַן געווען אַ שטיפֿקינד אַף דער בינע—לעכאָלעפּאָכעס באַ די נײַע געבוירענע אָדער נאָוואַ־טאָריִשע טעאַטערס.

אז אַזאַ פּראָטעסט קעגן „ליטעראַרישקייט“ אַף דער בינע איז דאַן געווען גאַנץ געזעצלעך און פֿאַרשטענדלעך, זאָגאַר נאַטירלעך. דאָס איז אַ באַזונדער זאַך. אָבער דער פֿאַקט איז אַ פֿאַקט.

איצט זעען מיר אַ באַזונדער דערעכערעך צום וואָרט, צו דעם דראַמאַטורג מיצאַד דעם טעאַטער ביכלאַל, מיצאַד דעם רעזשיסער ביפֿראַט.

פֿריער איז דער רעזשיסער מיט גרויס קוראַזש געלאָפֿן אויסלייזן די עכטע טעאַטראַלישקייט, וואָס האָט אַ שטיק צייט געליטן גאָלעס.

און איצט?

איצט איז פֿאַר דעם ג ר ע ס ט ן ט ײ ל פֿון די רעזשיסערס ריינע טעאַטראַלישקייט לאַחדאַווקע, דעריקער שטרעבט ער זיך און דעם טעאַטער זײַנעם אײַנשליסן אין דער סיסטעם פֿון דער אַלגעמיינער אידעישער טעטיקייט.

עמעס, עס זײַנען דאָ אויסנאַמען, ווי צום בײַשפּיל, דער מאָסקווער רוסישער קאַמערטעאַטער און דער מאָסקווער צווייטער קינסטלערישער טעאַטער, וואָס קוקן נאָך פֿונויבן אַראָפּ אַף דער נײַער ראַטן-דראַמאַטורגיע. זי איז, פֿאַרשטייט איר מיך, פֿאַר זיי צו לײַכטוואָגיק, זיי האַלטן נאָך אין איין אַרויסקוקן אַף אַ סאָוועטישן שעקספּיר... אָבער אַפֿילע אָט די אַקשאָנים הויבן זיך שוין אָן אונטערגעבן.

פריער פֿלעגט דער רעזשיסער פֿאַרשטעקן די גרויסע רעפּערטואַר-לאָך מיט רעזשיסערישע האַמצאָעס און איבערהאַסבאָרעס און ניט נאָר די רעפּערטואַר-לאָך.

אין די יונגע רעוואָלוציאָנערע, אָדער—ווי מען האָט זיי דאַן גערופֿן—„לינקע“ טעאַטערן האָט זיך דער אַקטיאָר נאָר וואָס געהאַט געווען אויסגעפּיקט פֿון אייעלע—האָט ער קײַן גענייטקייט, קײַן גרויסע דערפֿאַרונג ניט געהאַט, פֿון דער אַלטער יערושע האָט מען אים געוואָרנט—ער זאָל זיך ניט דערוועגן אַ נאַש טאָן פֿון דאָרט,—האָט דער יונגער אַקטיאָר קײַן באַזונדערע מײַסטערשאַפֿט ניט געקאָנט אַרויסווײַזן. האָט זײַן רויקייט און ניט דערפֿאַרנקייט געמוזט דער רעזשיסער פֿאַרדעקן מיט אויסטערלישע טריוקן און פֿאַרשיידענע קונצן.

כוץ דעם זײַנען פֿאַר די פּיעסן מײַסע פלאַקאַט פֿון יענער צײַט געווען אָנגעמאָסטן מעטאָדן פֿון פֿאָלק-באַלאַגאַנען, פֿון צירק, די טראַדיציעס פֿון דער שפּאַנישער דראַמע, ביכלאַל פֿון דער פֿאָלקשפּיל פֿון מיטלאַלטער.

איצט, ווען דעם אויבנאָן פֿאַרנעמט זופּיסלעך די פּסיכאָלאָגישע פּיעסע,—ניט נאָר אַף שטייגערישע טעמעס, נאָר אויך אין די פּיסן, וואָס האָבן צו טאָן מיט רעוואָלוציאָנערער הערויִק („בלאָקאַדע“, „די ווינטן-שטאָט“), איז אָפּטמאָל די פֿאָרם פֿון פֿאָלק-פּרימיטיוו ניט פּאַסיק.

## זוכענישן פֿון אַ נײַעם סטיל.

מערקן מיר טאַקע באַ אַ רײ זייער אָנגעזעענע רעזשיסערס אַ געוויסע פֿאַרלאָרנקייט.

פֿון נאַטוראַליסטישע מעטאָדן איז אָפּגערעט. קיינער פֿון די אָנגעזעענע טעאַטערן, וועלכע היטן אָפּ זייער קאָוועד (רעפּוטאַציע), וויל זיך צום נאַטוראַליזם ניט אומקערן. אַזעלכע איז לעכאָלעפּאָכעס די שטרעבונג זייערע. פֿאַקטיש איז זעלטן ווער פֿון זיי זינדיקט ניט אין דעם פּראַט.

מי לאָנו גאָדל פֿון מייערכאָלדן? איז אין די ערשטע צוויי-דרײַ בילדער פֿון „דער וואַנקזעט איר אַ היפּשע פּאָרציע נאַטוראַליזם.

פֿון סימוואָליק, פֿון סטיליזאַציע האָט מען מוירע ריידן, ווײַל דאָס שמעקט מיט מיסטיק. און דאָס פּירט אין זומפּ פֿון די אידעאַליסטישע פֿילאָזאָפֿישע סיסטעמעס. און ווער פֿון די באַוווסטזיניקע רעזשיסערס וועט עס אײַך זײַן אַ באַלן זינדיקן קעגן מאַרקסיזם?!

עס ליִגט זיי אַלעמען אין סאַם די סענסאַציאָנעלע געשיִכטע מיִטן אַרטיִסט מ. טשעכאָוו (דער געוועזענער אָנפֿיִרער און אַקטיאָר פֿונם מאָסקווער צווייטן קיִנסטלעריִשן טעאַטער), וואָס איִז געוועזן אַן איִבערצייגטער אָנהענגער פֿון שטיינערס איִדעאַליִסטיִשער פֿיִלאָזאָפֿיִשער סיִסטעם. איִז דער טעאַטער געקומען צו אַ שאַרפֿן קריִזיִס, פֿון וועלכן ער האָט נאָך ביִז איִצט זיִך נאָך ניִט אויסגעניכטערט, און טשעכאָוו גופֿע האָט געמוזט אויקער זיַין פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד.

איינס איז קלאָר פֿאַר די אָנפֿיִרנדיִקע קרייַזן פֿון דער טעאַטראַלער וועלט, אַז אויב אונדזער קונסט ביִכלאל און די טעאטער-קונסט ביִפֿראַט וויל דיִנען די גרויסע נייַע מאַסן-צושויער, אָן וועלכע דער טעאַטער וועט ניִט קאָנען עקזיִסטיִרן, מוז זי—די טעאַטער-קונסט—קודעם-קאָל זיַין פֿון ר ע אַ ל יִ ס ט י ש ן שניִט. איינִיקע האָבן געקרוינט דעם נייַעם סטיִל, צו וועלכן מען דארף שטרעבן, מיִטן נאָמען „דיִאַלעקטיִשער רעאַליִזם“, אַנדערע מיִטן נאָמען—„קאָנסטרוקטיִווער רעאַליִזם“.

אָבער אַזעלכע, וואָס זאָלן וועגן דעם נייַעם געוווּנטשענעם סטיִל פֿון דער פּראָלעטאַריִשער קונסט האָבן אַ קאָנקרעטע און דייַטלעכע פֿאָרשטעלונג—אַזעלכע זיַינען געציילטע מענטשן פֿאַראַן.

אָט פֿאַרוואָס מיִר האָבן היאָר געהאַט אַ ריי איִנטערעסאַנטע ספּעקטאַקלען, וואָס האָבן אָבער געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון אַ געמיִשטן סטיִל און צייַטנווייַז פֿון סטיִלאָזיִקייַט.

איִן „דער וואַנק“ האָט איִר נאַטוראַליִזם און סטיִליִזאַציע.

איִן „דער בלאָקאַדע“ האָט איִר נאַטוראַליִזם און סיִמוואָליִק.

דערום זיַינען עפּשער די דראַמאַטורגן ניִט גאָר אומגערעכט, ווען זיי קלאָגן זיִך, אַז דער טעאַטער האָט טיילמאָל אַרויסגעוויִזן אַ געוויִסע אומבאַהאָלפֿנקייַט בענוגייע צו די גוטע, איִנטערעסאַנטע פּיעסן, וואָס זיַינען איִם געקומען צו דער האַנט. (אַזאַ מיינונג האָט אַרויסגעזאָגט דער באַוווּסטער יונגער דראַמאַטורג קיִרשאָן).

דאָס באַטייַט, אַז אַ געוויִסער טייל פֿון אונדזער קוואַליִפֿיִציִרטער רעזשיִסור האָט געהאַט אַ דורכפֿאַל.

און צוזאַמען מיט די רעזשיִמייַסטערס האָבן אויך די קיִנסטלער, וואָס שאַפֿן די דעקאָראַציעס, די קאָנסטרוקציעס, אַרויסגעוויִזן אַ געוויִסע צעטומלטקייַט.

ווער פֿון אונדז, לעמאָשל, האָט געקאָנט גלויבן, אַז איִסאַק ראַביִנאָוויִטש וועט געבן אַזעלכע פֿלאַכע נאַטוראַליִסטיִשע דעקאָראַציעס איִן מאָסקווער 1-טן קיִנסטלעריִשן טעאַטער איִן „דער בלאָקאַדע“.

אָדער נעמט די געשיִכטע מיִט די סטיִליִזיִרטע קאָנסטרוקטיִווע דעקאָראַציעס איִן מ.ג.ס.פּ.ס.-טעאַטערן, וואָס זיַינען גאָר שוואַך באַרעכטיִקט, איִן אַזא עכט-פּסיִכאָלאָגיִשער פּיעסע ווי „די וויִנטן-שטאָט“, ווו צייַט און אָרט זיַינען אַזוי באַשטימט!

ציִ נעמט די געמיִשעכץ פֿון סטיִלן איִן גאָלדאָניִס פּיעסע „די ווייַבער“ (איִן מאָסקווער צווייטן קיִנסטלעריִשן טעאַטער), אַ שטאַנדהאַפֿטיִקע נאַטוראַליִסטיִשע דעקאָראַציע איִן היִנטערגרונט, און פֿונפֿאָרנט—אַ מאָביִלע קאָנסטרוקציע, וואָס דרייט זיִך אַרום איִר אַקס?

נאָך אַ בייַשפּיל: די פֿאַרעווע אומבאַשטיִמטע סטאַם-קאָנסטרוקציעס פֿון ראָדשענקאָ צו „איִנגאַ“, וואָס טויגן פֿאַר יעדער אַנדער פּיעסע, פּונקט ווי פֿאַר „איִנגאַ“.

## דער אַקטיאָר.

ווי איִר זעט, איִז אַפֿן געבוט פֿון אָרגאַניזיִרן דעם ספּעקטאַקל, פֿון אָריִגינעל אויסטייַטשן און שאַרף אונטערטראָגן דעם נייַעם דראַמאַטורגישן שטאָף—קיינע כאַריִפֿעסן, קיינע אַנטפּלעקונגען קיִמאַט ניִטאָ (איִך זאָג קיִמאַט, ווייַל אַ פּאָר איִנטערעסאַנטע שטעלונגען זיַינען יאָ געווען).

איצט לאָמיר אַ קלער טאָן, צי האָבן מיר געהאַט באַזונדערס גרויסע דערגרייכונגען—דערגרייכונגען, וואָס זאָלן „מאַרעש אוילעם" זײַן אַף דעם אַקטיאָרישן געביט.

אָפּטער פֿון אַלץ האָט אַפֿילע דער בעסערער אַקטיאָר איבערגעכאַזערט זיך אַליין—אין אַ פֿאַרבעסערטער אָדער טיילמאָל אין אַ פֿאַרערגערטער אויפֿלאַגע.

אָט לאָמיר, צום בײַשפּיל, זיך צוקוקן צו איליִנסקי אין דער ראָל פֿון פּריסיפּקין, (אין מייערכאָלד-טעאַטער, אין דער פּיעסע „די וואַנק"). האָט ער דאָ געשאַפֿן אַזעלכע טיף אָריגינעלע פֿיגורן ווי בריוגאַ אינם „גרויסמוטיקן האָרנטרעגער", אָדער אַרקאַשקאַ אין אָסטראָווסקיס „וואַלד"? ניין! איליִנסקי האָט אין דער ראָל פֿון פּריסיפּקין בלויז סומירט די מאַסקעס, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין די קינאָ-פֿילמען „דער צושנײַדער פֿון טאָרזשאָק" און „דער פּראָצעס וועגן די דריי מיליאָנען" („די דרײַ גאַנאָווים"—לאָטאַרס). דאָס—הייסט פּאַקטיש קײַן נײַס ניט באַשאַפֿן, נאָר איבערגעכאַזערט זיך אַליין אין אַביסל אַ פֿאַרבעסערטער אויפֿלאַגע, און אויך גיכער אַדאַנק דעם שאַרפֿן טעקסט, וואָס מאַיאַקאָווסקי האָט אים געליפֿערט.

און דאָס איז נאָך גוט. מיט אַנדערע אַקטיאָרן האָט עס פּאַסירט ערגער.

אַזאַ אַלטער גענײַטער אַקטיאָר, ווי לעפּקאָווסקי, וואָס האָט געשאַפֿן אַן אומפֿאַרגעסלעכע פֿיגור פֿונם הויפּט-אינזשענער אין דער אינסצענירונג פֿון גלאַדקאָווס „צעמענט" (אין מ. ג. ס. פּ. ס.-טעאַטער), האָט ניט אין אַן ערעך שוואַכער, בלאַסער געשפּילט אין ביל-בעלאָצערקאָווסקיס פּיעסע „די אונטערערד-שטימע" אויך אַ הויפּט-אינזשענער (אַ שעדיקער). דערין איז געוויס שולדיק ניט דער אַקטיאָר, נאָר דער דראַמאַטורג, וואָס האָט געגעבן דעם אַקטיאָר אַ בלוטלאָזע סכעמע, ניט קײַן העלע פֿיגור.

נעמט פֿאַרגלײַכן די שפּיל פֿון סטעפּאַן קוזנעצאָוו אין דער ראָל פֿונם ווײַסגוואַרדייער גענאַדי (אין „פֿײַערדיקן בריק" אין מאָסקווער קליינעם טעאַטער) און קטאָראָוון אין דער ראָל פֿונם ווײַסגוואַרדעישן שפּיאָן פּעטשערסקי („אינזשענער מערץ" אין קאָרש-טעאַטער). קוזנעצאָוו און קטאָראָוו—צוויי באַזונדערע וועלטן, צוויי שאַרפֿע און אייגנאַרטיקע אַקטיאָרישע אינדיווידואַליטעטן, און דאָ—אין די ראָלן פֿון גענאַדי און פּעטשערסקי איז קימאַט ניט צו מערקן צווישן זיי אַן אונטערשייד. ווײַל ביידע ראָלן גיבן ניט די אַקטיאָרן טיפֿן אייגנאַרטיקן שטאָף. האָגאַם זיי שפּילן ביידע מיט גרויס טעמפּעראַמענט אָט די ראָלן.

דערמאָנט זיך נאָך אָן דער זאַפֿטיקער פֿיגור פֿונם אַלטן קוילנגרעבער פּאַציוק. וועלכן עס שפּילט וואַנין אין „דער אונטערערד-שטימע"—אין מ. ג. ס. פּ. ס.-טעאַטער, אַן אויסגעצייכנטער, פֿון אָנהויב ביזן סאָף אויסגעהאַלטענער, פֿאָלקסטימלעכער טיפּ! קוקט זיך אין אים טיפֿער אײַן, וועט איר אין אים דערזען קימאַט אַ קאָפּיע פֿונם אַלטן אַרבעטער, וואָס פֿירט דאָס רעדל אין דער סצענע פֿון דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג אין דער פּיעסע „די רעלסן הודזשען" אינם זעלבן טעאַטער.

מיט אָט דער באַמערקונג וויל איך, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, ניט אָפּלייקענען די פֿאַרדינסטן פֿונם מ. ג. ס. פּ. ס-טעאַטער אין פּראַט פֿון שאַפֿן פּאָזיטיווע פֿאָלקטיפּן. איך שטרײַך נאָר אונטער, אַז קײַן נײַס אין די גרענעצן פֿונם לעצטן סעזאָן וועט איר דאָ קימאַט ניט געפֿינען.

ווי שווער עס איז נאָך אונדזערע טעאַטערס שאַפֿן טיפּן פֿון אונדזער נײַער אויסקומעניש—באַווײַזט אונדז דער מערקווירדיקער פֿאַל, ווי קאַטשאַלאָוו אין דער ראָל פֿונם קאָמיסאַר אַרטיאָם אין „דער בלאָקאַדע".

ווי באַוווּסט, האָט דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער אַלע זײַנע יאָרן געקעמפּט קעגן די אַקטיאָרישע שטאַמפּן, שאַבלאָנען, וואָס האָבן צענדליקער יאָרן אַלפּי טראַדיציע זיך געזאַמלט און געבליבן בירושע דעם טעאַטער. דער מאָסקווער קינסטל. טעאַטער האָט זאָגאַר זײַן שליכעס געזען אין אָט דעם קאַמף.

ווען קאַטשאַלאָוו האָט געדאַרפֿט נעמען שפּילן אַ קאָמוניסט (אַזאַ אָנגעזעענעם קאָמוניסט, ווי אַרטיאָם) האָט ער נאַטירלעך, פֿריער פֿאַר אַלץ מוירע געהאַט אים שילדערן דורך אויסערלעכע אויסגעשריענע סימאָנים. ער האָט, ווי עס שיינט, זיך געפֿלייסט קוידעםקאָל אים פֿאַרהאַרטעווען, מעצאַמצעם זיין זיינע שטאַרקסטע איבערלעבונגען אין קאַרגע, קוים מערקבאַרע זשעסטן, אין פֿאַרשטיקטע, פֿאַרטושעטע טענער. האָט זיך באַקומען פֿאַר דעם מאַסן-צושויער אַ שטיינערנע פֿיגור, ניט קיין לעבעדיקער מענטש. אַפֿילע אין די מאָמענטן פֿון זיינע שטאַרקסטע ליידנשאַפֿטן איז שווער דער צושויער זאָל אים גלויבן. קאָנטיק, אַז קאַטשאַלאָוו האָט פֿאַרטריבן דעם טעמפּעראַמענט אינגאַנצן אַף אינעווייניק, שפּילנדיק דעריקער אַף דער פּויזע.

אָט אַזוי איינגעהאַלטן און ווי בעקיוון טעמפּעראַמענטלאָז שפּילט כמעליאָוו דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן פֿירער—פּעקלעוואַנאָוו אינם „פּאַנצערצוג נומער 69-14".

פֿאַרוואָס-זשע האָט ניט געצוימט קאַטשאַלאָוו דעם טעמפּעראַמענט זיינעם, ווען ער האָט געשפּילט ניקאָליי דעם ערשטן אין דער פּיעסע „ניקאָליי דער ערשטער און די דעקאַבריסטן"?

דאָסגלייכן,—פֿאַרוואָס שפּילט מיט אַזאַ גוואַלדיקן טעמפּעראַמענט און אַזוי מעכאַיעדיק-טעאַטראַליש—אַזוי גיפֿטיק-סאַטיריש, זאָגאַר סאַרקאַסטיש—בירמאַן אין דער ראָל פֿון דער קעניגן אַנאַ אין „דעם מענטשן, וואָס לאַכט" פֿון וויקטאָר הוגאָ—אין מאָסקווער צווייטן קינסטלערישן טעאַטער?

אָט אַזעלכער איז ער שוין דער געמיינזאַמער כאַלאַס פֿון אַלע אונדזערע גרעסטע טעאַטערן: קומט אויס דעם אַקטיאָר שפּילן אַ סאַטירישע ראָל, ווערט ער באַפֿליגלט, באַגייסטערט, באַזונדערס, אויב דער דראַמאַטורגישער שטאָף איז וואָגיק און פֿאַרטיפֿט, און קומט צו אַ פּאָזיטיווער היינטיקע פֿיגור, איז דער אַקטיאָר—הינטערשטעליק.

אַ מוסטער פֿון אַזאַ הויכער אַקטיאָרישער פּאַטעטיק, פֿון אַ גלענצנדיקער אויפֿפּאַסונג פֿונם דראַמאַטורגישן שטאָף האָט אונדז געוויזן גאַריונאָוו אין דער ראָל פֿון איוואַן באַבישעוו („פֿאַרשווערונג פֿון געפֿילן"—אין וואַכטאַנגאָוו-טעאַטער). דאָס איז איינע פֿון די גרעסטע דערגרייכונגען פֿונם ראַטן-אַקטיאָר אין אַ ר אַ ט ן-פּ י ע ס ע אין פֿאַרגאַנגענעם סעזאָן. גלאַזונאָוו אין דער ראָל פֿון איוואַן באַבישעוו איז שוין געווען לעגאַבע גאַריונאָוון אַסאַך שוואַכער, דערפֿאַר, ווייל דאָס איז שוין אין אַ געוויסער מאָס אַ פּאָזיטיווער טיפּ.

גאָר אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט די אַקטיאָרישע זייט אינם מאָסקווער קאַמער-טעאַטער אין אָניילס פּיעסע „דער נעגער". אַ. קאָאָנען האָט דאָ דערגרייכט צו אַן אומגעהויערער הויך פֿון טראַגישער שפּיל. צו אַזאַ הויך האָט דעם סעזאָן קיין אַקטיאָר ניט דערגרייכט. איר שפּיל פֿאַרדינט אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג.

זייער מערקווירדיק איז אויך די שפּיל פֿון גליזער אין דער ראָל פֿון גלאַפֿיראַ אין „אינגאַ" (רעוואָלוציע-טעאַטער) זי האָט געפֿונען אָריגינעלע און שאַרפֿע פֿאָרמעס פֿאַר אָט דעם טיפּ פֿון אַ פּאָשעטער אַרבעטערן. דאָס איז אַ נייער זיג אַף איר גלענצנדיקן אַקטיאָרישן וועג, וואָס רופֿט אַרויס גרויסע האָפֿענונגען און דערוואַרטונגען...

---

ד. רובינשטיין.

# סאַכאַקלען פֿון דער 16-טער אַלפֿאַרבאַנדישער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ.

## דער 5-יאָריקער אַנטוויקלונג-פּלאַן פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט.

איינע פֿון די וויכטיקסטע פֿראַגן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין טאָגאָרדענונג פֿון דער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ—איז געווען דער 5-יאָריקערווירטשאַפֿט-פּלאַן. דער 5-יאָריקער פּלאַן פֿאַרנעמט זיך ניט בלויז מיט לייזן די וויכטיקסטע פֿראַגן פֿון אונדזער פֿאָלקווירטשאַפֿט אַפֿן נאָענטסטן פּעריאָד, נאָר באַם שטעלן און לייזן דידאָזיקע פֿראַגן גייט דער 5-יאָריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן אַרויס פֿון אַ באַשטימטער קלאַסן-אָריענטאַציע. דידאָזיקע אָריענטאַציע האָט נאָך אָנגעצייכנט דער 15-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר: „דער פּלאַן דאַרף אַרויסגיין פֿון דער פּאַרטיישער קלאַסאָווער גרונט-אָריענטאַציע: פֿון דער פּאָליטיק פֿון שטיצן זיך אַף דער אָרעמקייט, פֿעסטן בונד מיטן מיטל-פּויער און אָנגריף אַפֿן באַלעגוף".

דער 5-יאָריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן שטעלט דעם טראָפּ אַף פֿאַרשטאַרקן די אינדוסטריאַליזאַציע פֿון לאַנד, אַף פֿאַרשנעלערן די אינדוסטריאַליזיר-טעמפּן, פֿאָרסירן דעם אָנגריף אַף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און דעריאָגן און איבעריאָגן די פֿאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער 5-יאָריקער פּלאַן עפֿנט פֿאַרן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, פֿאַר די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון שטאָט און דאָרף ברייטע פּערספּעקטיוון פֿון אַנטוויקלונג.

וועלכע דערגרייכונגען זעט פֿאָרויס דער 5-יאָריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן אין דעם וווּקס פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט?

אין דער צייט, ווען די אַלגעמיינע סומע פֿון די קאַפּיטאַלן, וואָס זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין די פֿריערדיקע יאָרן (1923/24—1927/28) האָבן באַטראָפֿן 26,5 מיליאַרד רובל, איז אין איצטיקן 5-יאָריקן פּלאַן (1928/29—1932/33) באַשטימט געוואָרן קאַפּיטאַלע אינוועסטיציעס פֿאַר דער גאַנצער פֿאָלקווירטשאַפֿט אין אַ סומע פֿון 64,6 מיליאַרד רובל. פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע 5 יאָר איז פֿאַרטאָן געוואָרן אין דער אינדוסטריע 4,4 מיליאַרד. וועלן זיי איצט באַטרעפֿן 16,4 מיליאַרד רובל. פֿאַר דער דאָרפֿווירטשאַפֿט איז אין פֿאָריקן 5-יאָריקן פּלאַן באַשטימט געוואָרן 15 מיליאַרד רובל. איצטער—23,2 מיליאַרד, פֿאַר דער עלעקטריפֿיקאַציע פֿריער—0,9 מיליאַרד רובל, איצט—3,1 מיליאַרד ר.

די ציפֿערן באַווייזן בולעט, אַז אין רעזולטאַט פֿון דידאָזיקע פֿאַרטאָנענע קאַפּיטאַלן, וועט די אַלגעמיינע סומע פֿון די גרונט-פֿאָנדן אויסוואַקסן פֿון די פֿריערדיקע 70 מיליאַרד אַף 128 מיליאַרד רובל אין 1932/33, ד. ה. אַף 82%. די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע וועט אויסוואַקסן אין דריי מאָל גרעסער—פֿון 18,3 מיליאַרד אַף 43,2 מיליאַרד, און די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע פֿון 16,6 מיליאַרד אַף 25.8 מיליאַרד רובל. דאָס הייסט, אַז זי וועט איבערשטייגן די פֿאַרמילכאָמעדיקע פּראָדוקציע אַף 1½ מאָל. דער 5-יאָריקער פּלאַן זעט פֿאָרויס אַ וווּקס פֿון דער ענערגעטישער באַזע.—צום סאָף פֿון 5 יאָריקן פּלאַן וועלן אונדזערע עלעקטרעסטאַנציעס געבן אָנשטאָט 1,6 מיליאָן קילאָוואַט—4,6 מיליאָן קילאָוואַט. עס וועלן אויסגעבויט ווערן נייע 42 ראַיאָנע עלעקטרעסטאַנציעס. דער ספּעציפֿישער געוויכט פֿון דער עלעקטרע-ענערגיע און באַהייצונג-באַלאַנס וועט זיך פֿאַרגרעסערן

פֿון 9,5% אַף 20%. צוליב דעם, וואָס מיר בויען פֿון יאָר צו יאָר נייַע גיגאַנטן, וועט די אויסאַרבעטונג פֿון שטאָל און אייַזן אויסוואַקסן פֿון 3½ מיליאָן אַף 10 מיליאָן טאָן, די אויסאַרבעטונג פֿון מאַשינען (אַווטאָמאָבילן, טראַקטאָרס, לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינען א. א. ו.) וועט זיך פֿאַרגרעסערן אַף 3½ מאָל, און אין באַצוג צו דער פּראָדוקציע פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינען אַף 4 מאָל. די כעמישע אינדוסטריע וועט אדאַנק דער אויסבויונג פֿון נייַע כעמישע קאָמבינאַטן, געבן אָנשטאָט 175 טויזנט טאָן—8 מיליאָן טאָן קינסטלעכע באַמיסטיקונגען.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט דער 5-יאָריקער פּלאַן פֿאַר אַן אויפֿגאַבע—דעריאָגן און איבעריאָגן דעם וווּקס פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. מיר וועלן אַפֿן גרונט פֿון דער טאַבעלע איבערצייַגן זיך, ווי אַזוי מיר וועלן אויסזען אין פֿאַרגלייַך מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

דער פּראָדוציר-טעמפּ פֿאַר 5 יאָר אין פֿ.ס.ס.ר. און אין די קאַפּיטאַליסטישע*) לענדער.

דער 1933-טער יאָר און די פּראָצענט-פֿאַרהעלטענישן צום 1933-טן י.

| לענדער | שטיינקוילן | אויסאַרבעטונג פֿון שטאָל | טעקסטיל |
|---|---|---|---|
| פֿאַרייניקטע שטאַטן | 105,0 | 111,0 | 108,0 |
| ענגלאַנד | 105.0 | 105.0 | 104.0 |
| דייטשלאַנד | 115,0 | 127,0 | 111,0 |
| פֿראַנקרייך | 129.0 | 140,0 | 111.0 |
| די גאַנצע וועלט | 112,0 | 138.0 | 188.8 |
| פֿ. ס. ס. ר. | 216,9 | 250,4 | — |

ווי אַזוי עס וועלן זיך בייַטן די סטרוקטורן פֿון די גרונט-פֿאָנדן קען מען זען פֿון פֿאָלגנדיקע ציפֿערן:

| | 1928—27 י. | 1933—32 י. |
|---|---|---|
| מעלוכישע (סאָציאַליסטישער סעקטאָר) | 51.0 | 63,6 |
| קאָאָפּעריִרטע | 1.7 | 5.3 |
| פּריוואַטער | 47.3 | 31,1 |

עס ענדערט זיך די ספּעציפֿישע וואָג אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פֿונם סאָציאַליסטישן סעקטאָר: אין דער אינדוסטריע—פֿון 80%—92%, דאָרפֿישעווירטשאַפֿט—פֿון 2%—16% און אין איינצל-אומזאַץ—פֿון 75%—91%. מיר מוזן אונטערשטרייַכן, אַז די סאָציאַליסטישע בויונג-פּראָגראַם זעט פֿאָרויס אַ באַזונדער גרויסן וווּקס פֿון ראַטווירטן און קאָלווירטן, וועמענס פֿאַרזיי-שעטעך וועט באַטרעפֿן צום סאָף פֿון 5-יאָריקן פּלאַן—27 מיליאָן העקטאָר ערד, ד. ה. 18% פֿון אַלגעמיינעם פֿאַרזיי-שעטעך, און וואָס איז שאַיעך די סכוירע-טוווּע וועט זי דערגרייכן 43%. אין דער בויונג פֿון נייַע פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכע לאַנדווירטשאַפֿטן וועלן אַרייַנגעצויגן ווערן 21 מיליאָן מענטשן, דערבייַ וועלן די ראַטווירטן צושטעלן אַפֿן מאַרק 28 מיליאָן צענטנער טוווּע און די קאָלווירטן איבער 39 מיליאָן צענטנער, צוזאַמען וועלן זיי צושטעלן 67 מיליאָן צענטנער, אָדער 400 מיליאָן פּוד. דער 5-יאָ-

*) סאַכאַקלען פֿון דער 16-טער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ, זייט 39.

ריקער ווירטשאַפֿט-פּלאַן זעט פֿאָרויס אַ וווּקס אַפֿן געביט פֿון קאָאָפּערירן די באַפֿעלקערונג. אַ גרויסע ראָל שפּילט אויך די קאָנטראַקטאַציע, וועלכע וועט אַרומכאַפּן 85% פֿון די טוועט-קולטורן.

דאָס אַלץ שאַפֿט נײַע צוזאַמענשלוס-פֿאָרמען צווישן שטאָט און דאָרף, פֿאַרשטאַרקט די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון אַרבעטער-קלאַס, שאַפֿט גלײַכצײַטיק אַ פֿעסטן באָדן פֿאַר דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פֿון די אינדיווידועלע פּויערישע ווירטשאַפֿטן און פֿאַר דער קאָלעקטיוויזירונג.

די פֿאָלק-האַכנאָסע וועט אויסוואַקסן פֿון 24,4 מיליאַרד רובל ביז 49,7 מיליאַרד ר., ד. ה., אַף 103%. דער אַרבעטלוין פֿון די אינדוסטריעלע אַרבעטער וועט אויסוואַקסן אַף 71%, דערבײַ ווערט די גאַנצע האַכנאָסע פֿונם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס לעגאַבע דער האַכנאָסע פֿון דער גאַנצער פֿאָלקווירטשאַפֿט פֿאַרגרעסערט פֿון 32,1 ביז 37%. די האַכנאָסעס פֿון דער ערדאַרבעטער-באַפֿעלקערונג וואַקסן אויס צום סאַך פֿון די 5 יאָר אַף 67%. דער פּלאַן זעט פֿאָרויס אַ באַדײַטנדיקן וווּקס סײַ פֿון די סכוירעדיקע און סײַ פֿון די וואַלוטע-רעזערוון.

דער 5-יאָריקער פּלאַן איז אַ פֿאַנאַנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער אָנגריף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, וועלכע זײַנען נאָך פֿאַראַן אין אונדזער ווירטשאַפֿט. דאָס אויספֿילן דעם פּלאַן איז פֿאַרבונדן מיט אַ ריי קאָלאָסאַלע שוועריקײַטן, ווי אינערלעכע, אַזוי אויסערלעכע. די שוועריקײַטן פֿאַרשטאַרקן זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווידערשטאַנד פֿון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, וועלכע ווערן פֿון פּראָלעטאַריאַט אַרויסגעשטויסן פֿון זייערע ביז איצטיקע פּאָזיציעס. גוייוער זײַן דידאָזיקע שוועריקײַט איז נאָר מעגלעך, ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט פֿאַרשטאַרקן די אַרבעט-דיסציפּלין און אַרבעט-פּראָדוקטיווקײַט, פֿאַרביליקערן דעם זעלבסטקאָסט פֿון דער פּראָדוקציע (אַפֿן געביט פֿון דער אינדוסטריע אַף 35%, בוי-אינדוסטריע אַף 50%, הייבן די אַרבעט-פּראָדוקטיווקײַט אין דער אינדוסטריע אַף 110%, העכערן די גערעטעניש אַף 35% און פֿאַרברייטערן דעם פֿאַרזייעטעך אַף 22%) און פֿאָרזעצן די סאָציאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע פֿון די אונטערנעמונגען. עס שטייט אויך די פֿראַגע וועגן דערציִען נײַע אָנפֿירנדיקע קאַדרען, נײַע רויטע ספּעציאַליסטן פֿון אַרבעטער-קלאַס און אויסבעסערן די אַרבעט פֿון די פּלאַניר-און אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט. דאָס אַלץ קאָן דערגרייכט ווערן נאָר בײַ דער מאַקסימאַלער אַקטיווקײַט פֿון די ברייטסטע אַרבעטער און פּויערים-מאַסן, פֿאַנאַנדערוויקלענדיק ברייט דעם סאָציאַליסטישן געוועט און דורך פֿאַרשטאַרקן די זעלבסטקריטיק פֿון די מיליאָנען אַרבעטנדיקע קעגן ביוראָקראַטיזם און פֿאַרקריפּלונג פֿון דער קלאַסן-ליניע פֿון אונדזערע סאָוועטישע אַפּאַראַטן.

אַט דידאָזיקע שוועריקײַטן רופֿן אַרויס וואַקלונגען און אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס בײַ אַ טייל קאָמוניסטן. די אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס דריקן זיך אויס פֿריִער פֿאַר אַלץ אין די פּרווון צו טאָרמאָזירן דעם סאָציאַליסטישן אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ, אָפּשוואַכן דעם אָנגריף אַף די באַלעגופֿיש-נעפּמאַנישע עלעמענטן א. א. וו. די רעכטע אָפּנויגער האַלטן דעם 5-יאָריקן אַנטוויקלונג-פּלאַן פֿאַר ניט קײַן רעאַלן. מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע כאַראַקטעריסטישע פֿאַקטן פֿון די קאַפּיטולאַנטישע פּלוידערײַען. דער עקאָנאָמיסט דעזען שרײַבט, לעמאָשל, אַזוי:

„ווי אַזוי קאָן מען אָנעמען ערנסט די אַנטוויקלונג-טעמפּן, ווען אַפֿילע אין פּעריאָד פֿון דער גרויסער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועלכן עס האָט איבערגעלעבט רוסלאַנד אין 1900—1913-טן יאָר, האָט דער וווּקס פֿון דעם פֿיזישן פֿאַרנעם פֿון דער פּראָדוקציע און פֿאָלק-פּאַרנאָסעס ניט דערגרייכט די טעמפּן, וועלכע זײַנען אָנגעצייכנט אין דעם 5-יאָריקן פּלאַן" („עקאָנאָמישער איבערזיכט" נום. 5, 1927 יאָר).

אין דער צײַטונג „פֿינאַנציעלע יעדיעס“ (נום. 7, 1927 יאָר) האָט א. א. ניקיטין געשריבן:

„דער 5-יאָריקער ווירטשאַפֿט-און פֿינאַנץ-פּלאַן כאַפּט שטאַרק איבער די טעמפּן. עס איז נייטיק אַ מער פֿאָרזיכטיקער און רעאַלער וואַריאַנט פֿון פּלאַן“.

און אַ צווייטער אַוטאָר, אַלב. ווײַנשטיין, האָט אין דער צײַטונג „עקאָנאָמישער איבערזיכט“ (27 יאָר נום. 7) געשריבן:

„דער הויפּטפֿעלער פֿונם פּראָיעקט וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון אַלע צווײַגן פֿון דער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט באַשטייט אין דעם, וואָס די טעמפּן זײַנען צו שנעלע, ניט דערטרעגלעכע און ניט רעאַלע“.

לענין האָט וועגן דער פֿראַגע פֿון אַ האַסטיקן אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ גערעדט גאַנץ בולעט: „די רעוואָלוציע האָט געמאַכט דאָס, וואָס רוסלאַנד האָט פֿאַר די עטלעכע כאַ-דאָשים נאָך דער רעוואָלוציע לויט איר פּאָליטישן בוי דעריאָגט די פֿאָרגעשריטענע לענדער, אָבער דאָס איז ווינציק. די מלחמה איז אומפֿאַרמײַדלעך. זי שטעלט די פֿראַגע מיט אומבעראַכמאָנעסדיקער שאַרפֿקײַט: אָדער אונטערגיין, אָדער דעריאָגן די פֿאָדערשטע לענדער און איבעריאָגן זיי אויך עקאָנאָמיש. אונטערגיין, אָדער מיט אַלע קויכעס רוקן זיך פֿאָרויס. אַזוי האָט די געשיכטע געשטעלט די פֿראַגע“ (לענין, באַנד 16-טער, צווייטער טייל, זײַט 213).

„די פֿראַגע וועגן שנעלן אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ וואָלט ניט געווען שאַרף אין דעם פֿאַל, ווען מיר וואָלטן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך ניט דאָס איינציקע לאַנד פֿון דער פּראָלע-טאַרישער דיקטאַטור, ניט בלויז אין אונדזער לאַנד. נאָר אין אַנדערע פֿאָרגעשריטענע, ווי: דײַטשלאַנד און פֿראַנקרײַך. בײַ אַזאַ באַדינג וואָלט די קאַפּיטאַליסטישע אַרומ-רינגלונג ניט געקענט אָרשטעלן מיט זיך אַזאַ ערנסטע געפֿאַר, ווי זי שטעלט מיט זיך פֿאַר איצט. די פֿראַגע וועגן דער עקאָנאָמישער זעלבשטענדיקײַט פֿון אונדזער פֿאָלק-ווירט-שאַפֿט וואָלט ווירקלעך געשטאַנען אַפֿן לעצטן פּלאַן. מיר וואָלטן געקענט זיך אײַנשליסן אין דער סיסטעם פֿון די מער אַנטוויקלטע פּראָלעטאַרישע לענדער, מיר וואָלטן פֿון זיי גע-קענט באַקומען מאַשינען פֿאַר אונדזער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפֿט, באַפֿרידיקנדיק זיי מיט רוי-שטאָפֿן און דערנערונג-פּראָדוקטן, מיר וואָלטן געקענט אַנטוויקלען אונדזער אינדוסטריע מיט פּאַמעלעכערע טעמפּן. אָבער איר ווייסט גוט, אַז מיר האָבן נאָך ניט די באַדינגונגען און אַז מיר זײַנען נאָך דאָס איינציקע לאַנד פֿון פּראָלעטאַרישער דיק-טאַטור, אַרומגערינגלט פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און אַסאַך פֿון זיי שטייען העכער פֿאַר אונדז אַפֿן עקאָנאָמישן געביט.

אָט צוליב וואָס די פֿראַגע וועגן דעריאָגן און איבעריאָגן עקאָנאָמיש די פֿאָרערשטע לענדער, האָט לענין געשטעלט אַלס פֿראַגן פֿון לעבן און טויט פֿון אונדזער אַנטוויקלונג“. (סטאַלינס רעדע אַפֿן נאָיאַבר-פּלענום פֿון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) 1929 י.).

## סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט.

אין טאָגאָרדענונג פֿון דער 16-טער אַלפֿאַרבאַנדישער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ איז אויך איינע פֿון די צענטראַלסטע פֿראַגן געווען די סאָציאַליסטישע איבערבויונג פֿון דער דאָר-פֿישער ווירטשאַפֿט. די פֿראַגע וועגן קאָלעקטיוויזירן 25 מיליאָן צושטויבטע און קליינע פּויערישע ווירטשאַפֿטן, וועלכע זײַנען זייער אָפּגעשטאַנען און פּראָדוצירן ווינציק פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון שטאָטישן מאַרק, איז געלייזט געוואָרן אין גײַסט פֿון די לעניניסטישע גרונט-פּרינציפּן אין דער פּויערים-פֿראַגע.

די קאָנפֿערענץ האָט אַף אַ קלאָרן לענינישן אויפֿן געלייזט די פֿראַגע, אונטער-שטראַכנדיק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פֿאַרמאָגט אין זײַן רעשוס אַלע נייטיקע פֿאַרבאַדינגונגען

קעדיי איבערבויען די לאַנדווירטשאַפֿט אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס, ניט רוינירנדיק די קליינע ווירטשאַפֿטן, נאָר, פֿאַרקערט, אויפֿהויבן זיי אַף אַ העכערער טעכנישער, קולטורעלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער שטופֿע. אָנעמענדיק דידאָזיקע איינשטעלונג, האָט די קאָנפֿערענץ אויסגעאַרבעט לעניניס פּלאַן פֿון פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכן די לאַנדווירטשאַפֿט. „עס וועט אַלץ מערער קלאָרער—זאָגט לענין—אַז דער אויסוועג צו דערנענטערן די פּויערישע מאַסן צו אַ קולטורעלן לעבן, צו דער פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכונג פֿון דער ערד-באַאַרבעטונג, שטרעבט סיסטעמאַטיש די סאָוועטנמאַכט“.

אויב מיר ווילן אויסקאָרטשעווען די וואָרצלען פֿון קאַפּיטאַליזם אין אונדזער ווירטשאַפֿט, מוזן מיר פֿריער פֿאַר אַלץ אונטעררייסן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַזע פֿון די בעפּמאַניש-באַלעגופֿישע עלעמענטן, וועלכע איז די באַזע פֿון קאַפּיטאַליזם אין ראַטנפֿאַרבאַנד. אַף דער פֿראַגע ענטפֿערט לענין קלאָר: „אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן אין אַ קליין פּויעריש לאַנד, איז פֿאַרן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד פֿאַראַן אַ שטאַרקערע עקאָנאָמישע באַזע, ווי פֿאַרן קאָמוניזם. דאָס איז נייטיק צו געדענקען. דער, וואָס קוקט זיך צו אויפֿמערקזאַם צום לעבן אין דאָרף אין פֿאַרגלייך מיטן שטאָט, ווייס, אַז מיר האָבן די וואָרצלען פֿון קאַפּיטאַליזם ניט אַרויסגעריסן און דעם הויפּט-פֿונדאַמענט פֿון אינערלעכן סוינע ניט אונטערגעריסן. דער לעצטער האַלט זיך אַף דער קליינער ווירטשאַפֿט, און קעדיי אונטעררייסן אים, איז פֿאַראַן איין מיטל—איבערפֿירן די ווירטשאַפֿט פֿון לאַנד, אויך די לאַנדווירטשאַפֿט, אַף אַ נייער טעכנישער באַזע“.

די רעכטע עלעמענטן אין אונדזער פּאַרטיי האָבן אַן אויסגעפֿאָרמירטע פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרם, וועלכע איז אין ווידערשפּרוך מיט דער גענעראַלער פּאַרטייליניע, מיט די גרונטפּרינציפּן פֿון לעניניזם. אַנדערש געזאָגט, די רעכטע אָפּאָזיציע פּרוווט רעווידירן דעם לעניניזם. די רעכטע ווילן באַווייזן, אַז די פּאַרטיי שאַצט איבער דעם באַלעגוף, אַז מען דאַרף ניט פֿאַרשאַרפֿן דעם קאַמף מיט די באַלעגופֿישע עלעמענטן, ווייל... „ער וועט פּאַמעלעך אַריינוואַקסן אין סאָציאַליזם“. דידאָזיקע טעאָריע איז זייער אַ כאַראַקטעריסטישע פֿאַר די רעכטע אָפּנויגלער דערמיט, וואָס זי אַנטפּלעקט זייער קלאַסן-פּאַרצעף. די רעכטע פֿאַרשטייען ניט און דערשאַצן ניט דעם פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסנקאַמף אין איצטיקן פּעריאָד. זיי ווילן פֿאַנאַנדערבינדן די באַלעגופֿישע הענט, געבן זיי מעגלעכקייטן פֿאַר פֿרייער אַנטוויקלונג, וואָס דאָס אַלץ דאַרף פֿירן צו דער רעסטאַווראַציע פֿון קאַפּיטאַליזם. די רעכטע טרעטן אָפֿן אַרויס קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון די אינדיווידועלע פּויערישע ווירטשאַפֿטן. זיי פֿאַרשטייען ניט דעם וויכטיקן מאָמענט פֿון רעקאָנסטרוקציון פּעריאָד—ד ע ם נ ײ ע ם פּ ר אָ ד ו צ י ר-צ ו ז אַ מ ע נ ש ל ו ס צ ו ו י ש ן פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט א ו ן פּ ו י ע ר ט ו ם. די רעכטע עלעמענטן איגנאָרירן די פּראָבלעם פֿון דער פּראָלעטאַרישער אָנפֿירונג און דעם פֿאַרבאַנד פֿון אַרבעטער-קלאַס מיטן פּויערטום. ניט וועלנדיק פֿאַרשאַרפֿן דעם קאַמף מיט דעם באַלעגוף, טרעטן זיי אַרויס קעגן דער אינדיווידועלער באַשטייערונג פֿון די רייכערע פּויערישע ווירטשאַפֿטן. די רעכטע טרעטן אַרויס קעגן דער זעלבשטענדיקער אָרגאַניזאַציע פֿון דער אָרעמקייט און זעען ניט קיין אונטערשייד צווישן נעפּ אינם אויפֿשטעלונג-פּעריאָד און דעם נעפּ אינם רעקאָנסטרוקציון פּעריאָד. די רעכטע ריידן וועגן דער דעגראַדאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, ווייל זיי זעען די דעגראַדאַציע פֿון די באַלעגופֿישע ווירטשאַפֿטן, און אַף דעם גרונט האָבן זיי זיך געשאַפֿן אַ טעאָריע וועגן דעגראַדאַציע פֿון דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפֿט. די רעכטע באַמיִען זיך פֿאַרקריפּלען לעניניזם, ציטירנדיק אַרויסגעכאַפּטע זאַצן.

די רעכטע אָפּאָזיציע באַמיט זיך צו פֿאַרשמירן איר אָפּאָרטוניסטישע פּלאַטפֿאָרם מיט דעם, וואָס זיי בלאָזן טענדעציעז פֿאַנאַנדער די שוועריקייטן, מיט וועלכע מיר שטויסן זיך אָן אַפֿן סאָציאַליסטישן בויונג-וועג. ספּעקולירנדיק אַף דידאָזיקע שוועריקייטן, פּרוּוון זיי דיסקרעדיטירן די אַלגעמיין פּאַרטיישע אָנפֿירונג און אַף אַזאַ אויפֿן דערוויַיזן די גערעכ-

טיקייט פֿון זייער אָפּאָרטוניסטישער ליניע. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז יעדע רעוויזיע פֿון לעניניזם איז דירעקט פֿאַרבונדן מיטן קאַמף קעגן זיינע *אָרגאַניזאַציאָנעל-פּאָליטישע פּרינציפּן*, מיטן קאַמף קעגן דער לענינישער אייניקייט פֿון דער פּאַרטיי און קעגן דער אייזערנער באָלשעוויסטישער דיסציפּלין. זיי דערקייקלען זיך אין די בלאָטעס פֿון פֿראַקציאָנעלע קאַמף. „עס איז פֿאַראַן אַן אָביעקטיווע לאָגיק פֿון פֿראַקציאָנעלע קאַמפֿן—זאָגט לענין—וואָס דערפֿירט די בעסטע מענטשן, אויב זיי באַשטייען אַף זייערע ניטריכטיקע פּאָזיציעס, צו דער לאַגע, וואָס שיידט זיך מיט גאָרנישט אונטער פֿון פּרינציפּלאָזער דעמאַגאָגיע. דאָס באַווייזט די גאַנצע געשיכטע פֿון פֿראַקציאָנעלן קאַמף" (לענין—18-טער באַנד 1, ט. זייט 35).

די „אָביעקטיווע לאָגיק" האָבן מיר שוין באַ די רעכטע אָפּנויגלער. זייער קריטיק, אַז די פּאַרטיי „פּלאַנצט איין ביוראָקראַטיזם", אַז זי פֿירט אַ פּאָליטיק פֿון „מיליטעריש-פֿעאָדאַלער עקספּלואַטאַציע" פֿון פּויערטום, אַז די אינערלעך-פּאַרטעיִשע דעמאָקראַטיע פֿאַרבייט די פּאַרטיי „אַף אַ סעקרעטאַרישן דרוק"—איז אַן אויסגעשפּראָכן פֿראַקציאָנעלע. דידאָזיקע רעכילעס ווערן געטריבן צוליב פֿראַקציאָנעלע טײַמים.

די רעכטע אָפּאָזיציע פּרוווט פֿאַרשמירן די פּאָליטישע כעלוקעדייעס מיט פּרינציפּ-לאָזע באַשולדיקונגען קעגן באַזונדערע פּאַרטיי-אָנפֿירער. דער פֿאַקט, וואָס די רעכטע פּרוון בלאָקירן זיך מיט די נעכטיקע טראָצקיסטן, וואָס זיי ווילן אויסנוצן דעם „דריטן" קויעך אין קאַמף מיט דער גענעראַלער פּאַרטיי-ליניע, זאָגט איידעס וועגן זייער פֿראַקציאָנעלקייט.

די 16-טע אַלפֿאַרבאַנדישע פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ האָט אויסגעדריקט איר פֿעסטע זיכערקייט, אַז מיר וועלן זיך דערשלאָגן, אַז די רעכטע אָפּאָזיציע זאָל אידעיִש און אָרגאַניזאַציאָנעל אַנטוואָפֿנט ווערן, אויפֿקלערנדיק די סאַמע ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן די פּילאָסאָפֿיע פֿון רעכטן אָפּנויג. צוליב דעם שטרייכט די קאָנפֿערענץ אין איר רעזאָלוציע אונטער: „אַז די גרעסטע געפֿאַר אין דער פּאַרטיי אין די איצטיקע באַדינגונגען בילדעט דער רעכטער אָפּנויג, אַלס אויסדריק פֿון דירעקטן אָפּזאָג פֿון דער לענינישער פּאַרטיי-פּאָליטיק, אַלס אויסדריק פֿון אָפֿן אָפּאָרטוניסטישן אָפּגעבן די לענינישע פּאָזיציעס אונטערן דראַנג פֿון קלאַסן-סוינע. בלויז דער אומבעראַכמאָנעסדיקער קאַמף קעגן יעדע וואַקלונגען אין דורכפֿירן די גענעראַלע באָלשעוויסטישע ליניע, וואָס באַטייט אַ פֿאַרפֿעסטיקטן בונד צווישן אַרבעטער-קלאַס מיטן פּויערטום, קאָן באַ דער ווייטערדיקער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אָנפֿירנדיקער ראָל פֿון אַרבעטער-קלאַס זיכערן דאָס לייזן די אויפֿגאַבן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן האָט אַוועקגעשטעלט".

## אַ ביליקן און קלאַסן-אויסגעהאַלטענעם סאָוואַפּאַראַט.

די 16-טע אַלפֿאַרבאַנדישע פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ האָט אונטערגעשטראָכן, אַז קעדיי קענען דורכפֿירן די גראַנדיעזע אויפֿגאַבן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, פֿאָדערט זיך אַ ביליקער און בויגעוודיקער אַפּאַראַט אין אַלע זיינע רינגען פֿונויבן ביז אונטן. דער רעקאָנסטרוקטיווער פּעריאָד פֿאָדערט אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס זאָל שטענדיק אַרבעטן אונטערן אומיטלבאַרן קאָנטראָל פֿון די סאַמע ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס זאָל קענען באַפֿרידיקן זייערע באַדערפֿענישן. אונדזער סאָוו-אַפּאַראַט איז אָבער ווייט פֿון דעם צושטאַנד. ניט איינמאָל האָט וולאַדימיר איליטש אָנגעוויזן, „אַז דער מעלוכע-אַפּאַראַט אַרבעט זייער אָפּט קעגן אונדז". שוין ניט געקוקט אַף דעם, וואָס ער איז אַ שווערער און אַ ביוראָקראַטישער.

אונדזער אַפּאַראַט איז פֿאַר די יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע פֿאַרמיסטיקט געוואָרן מיט צולייגטע ביוראָקראַטישע עלעמענטן, מענטשן, וועלכע פֿאַרקריפּלען די קלאַסן-ליניע פֿון

דער פּאַרטיי און רײַסן אונטער איר אויטאָריטעט צווישן די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן. די „געוועזענע לײַט", וועלכע זײַנען געבליבן אין אונדזער ראַטן-אַפּאַראַט אין אַ היפּשער צאָל, פֿילן פֿאַקטיש אויס אין דער פּראַקטישער אַרבעט די אויפֿגאַבן פֿון קאַפּיטאַל. ווען מיר קוקן זיך גענוי צו צו די לעצטע געשעענישן, זעען מיר עס בולעט.

צוליב דעם האָט די 16-טע פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ אוועקגעשטעלט פֿאַר דער פּאַרטיי און ראַטנמאַכט אַן אויפֿגאַבע פֿון איבערטרייסלען און אָפּפּרישן אַלע רינגען פֿון אונדזער ראַטן-אַפּאַראַט, אויסרייניקן פֿון דאָרטן די ביוראָקראַטישע געשווירן, אַרויסשמײַסן פֿון אַלע אַמטן די צעלייגטע, ביוראָקראַטישע, פֿאַרשווענדער און א. וו. לענין האָט געזאָגט: „קאָנטראָלירן די מענטשן, און קאָנטראָלירן, צי עס ווערן פּאַקטיש אויסגעפֿירט די אינינאָנים. אַף דעם דאַרף זיך קאָנצענטרירן די גאַנצע אַרבעט, די גאַנצע פּאָליטיק".

מיר מוזן קאָנטראָלירן יעדן איינעם אָנגעשטעלטן אין ראַטן-אַפּאַראַט, ווי אַזוי ער פֿילט אויס די אויפֿגאַבן פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווי אַזוי עס זעט אויס דער קלאַסן-פּאָנים פֿון געגעבענעם אַנשטאַלט, וואָס איז געטאָן געוואָרן אַפֿן געביט פֿון ראַציאָנאַליזירן און פֿאַרבילִיקערן דעם אַנשטאַלט, ווי אַזוי זײַנען אַרײַנגעצויגן די ברייטע מאַסן אין דער אַרבעס פֿון דעם אַפּאַראַט און ווי אַזוי ווערט דורכגעפֿירט אין דער פּראַקטיק דער לאָזונג פֿון אַ פֿאַנאַנדערגעוויקלטער פּראָלעטאַרישער זעלבסטקריטיק. פֿאַר דער פּאַרטיי איז קיין אונטערשייד, ווען אַ פֿאַרשווענדער, שעדיקער אָדער ביוראָקראַט טראָגט אַ פּאַרטיי-בילעט אין קעשענע, אָדער דאָס איז אַן אומפּאַרטעיִשער. מיר וועלן ניט רייניקן בלויז לויט דעם צייכן פֿון זײַן קלאַסן-אָפּשטאַמונג, נאָר לויט זײַנע עמעסע כאַטאָים און פֿאַרברעכנס. דאָס וועט זײַן דער וויכטיקסטער פּרינציפּ באַם דורכפֿירן פּראַקטיש די רייניקונג פֿון ראַטן-אַפּאַראַט.

צוגלײַך מיט דער רייניקונג האָט אָבער די קאָנפֿערענץ אויך אונטערגעשטראָכן די נייטיקייט פֿון אַרויסרוקן נײַע קאַדרען סאָוו-אָנגעשטעלטע פֿון ארבעטער-קלאַס, באַטראַקעס און אָרעמען פּויערטום. אויב מיר ווילן אויסרייניקן דאָס מיסט, דאָס צעפּוילטע, מוז מען האָבן מענטשן, קאַדרען, וועלכע זאָלן קענען פֿאַרנעמען זייערע ערטער. די אויפֿגאַבע פֿון פּראָלעטאַריזירן דעם סאָוו-אַפּאַראַט אין פּעריאָד פֿון פֿאַרשאַרפֿטע קלאַסן-קאַמפֿן באַ אונדז אין לאַנד—האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג. יעדער נײַאַרויסגערוקטער אַרבעטער אין סאָוו-אַפּאַראַט איז אַ גאַראַנטיע דערפֿאַר, אַז מיר וועלן דערפֿאָלגרײַך אויסראָטן דעם ביוראָקראַטיזם, אַז מיר וועלן אַנטשיידן קעמפֿן מיט די קלאַסן-פֿײַנטלעכע עלעמענטן, וועלכע פּרוּוון אַראָפּפֿירן אונדזער אַפּאַראַט פֿון די קלאַסן-רעלסן אין קאַמף קעגן דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

דער קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם און די אויסבעסערונג פֿון דעם ראַטן-אַפּאַראַט קען דערפֿאָלגרײַך פֿאָרגעזעצט ווערן, ווען מיר וועלן אַרײַנציִען אין פּראָצעס פֿון קאַמף די סאַמע ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן. די קאָנפֿערענץ האָט אָנגעצייכנט אַ ריי פֿאָרמען פֿון מאַסן-קאָנטראָל (פּראָדוציר - און עקאָנאָם-באַראַטונגען, צײַטווײַליקע קאָנטראָל-קאָמיסיעס, אָנטייל פֿון אַרבקאָרן, אָנפֿליִען פֿון דער לײַכטער קאַוואַלעריע אַף די אַנשטאַלטן א. א. וו.) דער קאַמף מיט דעם ביוראָקראַטיזם איז אַ שווערע און אַ לאַנגע אַרבעט. דער ברייטער אָנטייל פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס און אַרבעטנדיקן פּויערטום אין קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם איז אַ גאַראַנטיע דערפֿאַר, אַז מיר וועלן אַפֿן געביט פֿון פֿאַרבעסערן די קוואַליטעט פֿון אונדזער אַפּאַראַט שפּרײַזן מיט האַסטיקע טריט פֿאָרויס, אַז מיר וועלן מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן אַלץ, וואָס איז פֿרעמד דעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס איז אין ווידערשפּרוך מיט די גרונט-פּרינציפּן פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און וואָס דערפֿירט אָביעקטיוו צו דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די אָפּאָזיציעס פֿון די פֿײַנטלעכע עלעמענטן אין לאַנד. אונדזער אַפּאַראַט דאַרף ווערן אַ מוסטער פֿון סאָציאַליסטישער פֿאַרוואַלטונג.

# פֿאַר דער שטאָלענער אייניקייט פֿון די לעניניסטישע רייען.

די לעצטע פֿראַגע, וועלכע עס איז אויסגעקומען צו באַהאַנדלען דער 16־טער אַלפֿאַרבאַנדישער פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ — איז דער קאָנטראָל און די פּאַרטיי־רייניקונג. עס איז שוין אַריבער אַכט יאָר, ווי די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט ניט דורכגעפֿירט קיין גענעראַלע רייניקונג פֿון אירע רייען, וועלכע זאָלן באַפֿרייען די פּאַרטיי פֿון אַלע ניטקאָמוניסטישע עלעמענטן, פֿון די אַלע, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעוואַקסן מיטן באַלעגוף א. א. וו.

אין דער שפּיץ פֿון דער גראַנדיעזער סאָציאַליסטישער בויונג שטייט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, זי איז דער אַוואַנגאַרד פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, און אויב די פּאַרטיי וויל דערפֿאָלגרייך אויספֿילן דעם גרעסטן אַרבעטספּלאַן, אויב זי וויל אַרייַנציִען די ברייטע מאַסן פֿון אַרבעטנדיקן פֿאָלק, אויב זי וויל בייַקומען אַלע שוועריקייטן און קעמפֿן מיט די אָפּגוויגלער פֿון דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע, — מוז די פּאַרטיי זייַן אייניק, צוזאַמענגעשלאָסן, פֿאַראַנטוואָרטלעך און אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטן, וואָס זייַנען די נייטיקע פֿאָרבאַדינגונגען אַף דורכפֿירן אין לעבן די אויפֿגאַבן פֿון רעקאָנסטרוקציון פּעריאָד.

די קאָנפֿערענץ האָט אָנגעוויזן, אַז מען טאָר ניט לאָזן פֿאַרמינערן די קלאַסן־באַדייַטונג פֿון דער פּאַרטיי־רייניקונג. באַם קאָנטראָל און פּאַרטיי־רייניקונג דאַרף מען פּריִער פֿאַר אַלץ פֿאַרינטערעסירן זיך מיטן קלאַסן־פּאָנים פֿון יעדן קאָמוניסט, צי איז ער ווירקלעך דער פֿירער פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, ווי פֿילט ער אויס די פּאַרטיי־דירעקטיוון אַף זייַן אַרבעטס־אָרט און צי איז ער ניט אונטערגעוואָרפֿן דער ווירקונג פֿון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע, וואָס פֿאַרלירט צוליב דעם די ווייַטערדיקע רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוון.

מיר מוזן אַנטשיידן קעמפֿן קעגן אַלע פּרוּוון פֿון גריבלען זיך אין פּערזענלעכן שטייגער פֿון יעדן קאָמוניסט, קעגן פּערזענלעכע כעשבוינעס בעשאַס דער רייניקונג. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מיר דאַרפֿן זיך ניט פֿאַרינטערעסירן מיט דעם פּערזענלעכן שטייגער פֿון אַ קאָמוניסט, אויב זייַן שטייגער איז אַ צופֿוילטער און איז אין ווידערשפּרוך מיט דער קאָמוניסטישער עטיק.

די קאָנפֿערענץ האָט אָנגעוויזן, אַז די שוועריקייטן פֿון רעקאָנסטרוקציון פּעריאָד, די פֿאַרשאַרפֿונג פֿון קלאַסנקאַמף און די וואַקלונגען אין געוויסע פּאַרטיי־רינגען, פֿאָדערט פֿון דער פּאַרטיי מער ווי אַלעמאָל אַ סאָציאַלע אייגנאַרטיקייט פֿון איר באַשטאַנד, אַ גרעסערע אידעאָלאָגישע מאָנאָליטקייט און פּראָלעטאַרישע אויסגעהאַלטנקייט. די פֿראַגע וועגן ווערבירן נייַע קאַדרען אומפּאַרטייִשע אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט זייער האַלטונג אַפֿן זאַוואָד באַוויזן, אַז זיי זייַנען מיט לייַב און לעבן איבערגעגעבן דער סאָציאַליסטישער בויונג. די אויפֿגאַבע פֿון ווערבירן נייַע אַרבעטער מיט אַ לאַנגיאָריקן פּראָדוקציר־סטאַזש — איז איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבן. מיר שטרייַכן אונטער מיט אַ גרויסן פּראָדוציר־סטאַזש דערפֿאַר, ווייַל דער באַשטאַנד פֿון אַרבעטער־קלאַס האָט זיך נאָך דער רעוואָלוציע באַדייַטנדיק געביטן. מיר האָבן אין די רייען פֿון פּראָלעטאַריאַט נייַע שיכטן, געקומען ניט לאַנג פֿון דאָרף, שטעטל און נעכטיקע קוסטאַרן. די נייַע פּראָלעטאַרישע שיכטן האָבן זיך נאָך ניט איבערגעקאָכט אין פּראָלעטאַרישן קעסל, זיי גיבן זיך לייַכט אונטער דער ווירקונג פֿון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע א. א. וו. צוליב דעם האָט נאָך דער נאָיאַבער־פּלענום פֿון צ. ק. אַל. ק. פּ. (ב) פֿאַרשאַרפֿט די פֿראַגע וועגן פּראָדוציר־סטאַזש פֿון די נייַע ווערבירטע אַרבעטער. די אויפֿגאַבן און צילן פֿון דער פּאַרטיי־רייניקונג דאַרפֿן ברייט באַלויכטן ווערן צווישן די ברייטע אַרבעטער־מאַסן און פֿאַרבינדן די אויפֿקלערונגאַרבעט מיט דער פֿראַגע פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג און שוועריקייטן.

די פּאַרטיי וועט נאָך דער רייניקונג אַרויס נאָך מער געשלאָסן און אייניק. באַפֿרייַענדיק זיך פֿון אַלע ניטקאָמוניסטישע עלעמענטן, וועט די פּאַרטיי פֿאַרשטאַרקן איר קאַמפֿעיִקייט, הויבן איר אויטאָריטעט צווישן די ברייטע מאַסן פֿון אַרבעטער־קלאַס, פּויערטום

און וועט צוציִען אַף איִר זײַט נײַע פראָלעטאַריש-באַטראַקיִשע שיִכטן פֿון שטאָט און דאָרף.

„ריינִיקנדיִק די פאַרטיי, רעכענענדיִק זיִך מיִט די אָנווייזונגען פֿון די אומפאַרטעיִשע אַרבעטנדיִקע—איִז אַ גרויסע זאַך. זיִ וועט אונדז געבן ערנסטע רעזולטאַטן, זיִ וועט די פאַרטיי פֿאַרשטאַרקן אַלס אַוואַנגאַרד פֿון קלאַס נאָך מער ווי פֿריִער, זיִ וועט פֿאַרוואַנדלען די פאַרטיי אין אַן אַוואַנגאַרד, נאָך מער באַהעפֿטן מיִט דעם קלאַס, און וועט זײַן מער פֿעיִק צו פֿיִרן צום זיִג, ניִט געקוקט אַף די שוועריקײַטן און געפֿאַרן" (לעניִן—18 באַנד 1 ט. זײַט 360).

* * *

דאָס זײַנען אין קורצן גענומען די סאַכאַקלען פֿון דער 16-טער אַלפֿאַרבאַנדיִשער פאַרטיי-קאָנפֿערענץ. די אויפֿגאַבע פֿון יעדן קאָמוניִסט און קאָמיוגיִסט און פראָפאַגאַנדיִסט איִז אַריִבערטראָגן די באַשלוסן אין די ברייטע שיִכטן פֿון די אַרבעטער, באַטראַקעס, אָרעמען און מיִטעלען פויערטום, באַזונדערס מוז פאָפוליאַריִזיִרט ווערן די גרויסע אַרבעט-פראָגראַם פֿון דער פאַרטיי און ראַטנמאַכט—דער פֿיִנפֿיאָריִקער וויִרטשאַפֿט-פלאַן. דער פֿיִנפֿיאָריִקער ווירטשאַפֿט-פלאַן שטעלט מיִט זיִך פֿאָר אַן אויפֿגאַבע בויען די סאָציִאַליִסטיִשע געזעלשאַפֿט. איִן דעם באַשטייט זײַן גרויסע היסטאָריִשע פאָליִטיִשע באַדײַטונג. די קאָנפֿערענץ האָט געגעבן אַ דיִרעקטיִוו—איִצט מוזן די דירעקטיִוון רעאַליִזיִרט ווערן.

דיִ גרויסע קראַפֿט פֿון אונדזער פאַרטיי ליִגט איִן דעם, וואָס די אויספֿיִרער פֿון אונדזערע באַשלוסן זײַנען צענדליִקער מיִליאָנען מויכעס, הערצער און מענטשלעכע הענט, מיִליאָנען אַרבעטער און אַרבעטנדיִקע פויעריִם, וואָס גייען אונטער דער אָנפֿיִרונג פֿון דער באָלשעוויִסטיִשער פאַרטיי צום ענדגיִלטיִקן ניִצאָכן פֿון סאָציִאַליִזם.

ב. אָרשאַנסקי.

# ליטעראַרישע נאָטיצן.

## 1. דראַמאַטישע ווערק.

דער וווּקס פֿון פֿאָדערונגען אַף דער יידישער ליטעראַטור איז פֿאַר די לעצטע יאָרן אַזוי שטאַרק, אַז אַפֿילע אונדזערע פֿאַרלאַגן האָבן זיך שוין אַ ריר געטאָן פֿון טויטן פּונקט און מיר האָבן שויןווירקלעך „אַ שעפֿע“ אין הינזיכט פֿון בעלעטריסטיק.

פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך אויך אַ הויב געטאָן אונדזער דראַמאַטישע ליטעראַטור. אויך דאָ האָט זיך אונדזער פֿאַרלאַג-אַרבעט אַ ריר געטאָן פֿון אָרט, און מיר האָבן שוין אַ שטיקעלע דראַמאַטישע ליטעראַטור פֿאַר קלובן, מיר האָבן אויך אַן אָנהויב פֿון אַן ערנסטער דראַמאַטורגיע.

דאָס מאָל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אַף אייניקע פּיעסן, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן פֿאַרן טעאַטער און דורך אים געשטעלט געוואָרן. ביזאַהער האָבן מיר זיי געזען בלויז אַף דער בינע און עס איז שווער געווען אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דער פּיעסע גופֿע, ווײַל דעם אײַנדרוק האָט געמאַכט דער שפּילן, ווײַל מיר האָבן נים געוווּסט, ווי ווײַט עס איז געגאַנגען דער רעזשיסער אין „באַאַרבעטן“ דעם אַווטאָר און וואָס איז פֿון דעם אַוואָר געבליבן אַף דער בינע. איצט האָבן מיר שוין די געשפּילטע פּיעסן אָפּגעדרוקטע און מיר קענען אורטיילן וועגן זיי גופֿע.

* * *

אויב מע זאָל אַרויסגיין פֿון שטאַנדפּונקט פֿון סצענע—און בענויגייע צו דראַמאַטישער ליטעראַטור דאַרף מען אַרויסגיין די ע ר ש ט ע ז אַ ך פֿון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט—שטייען אַפֿן ערשטן אָרט אין די דערשינענע דראַמעס וועוויאָרקעס צווײ פּיעסן: „אַף דער גרענעץ“ (די באַרימטע „137 קינדערהיימען“) און „באַטווין“.

ווי די ע ר ש ט ע (און ביז הײַנטיקן טאָג, צום גרויס באַדויערן, די איינציקע) קאָמעדיע, וואָס איז נאָך דערצו געשריבן געוואָרן אין 1925-טן יאָר *), איז „אַף דער גרענעץ“ בעפֿיירעש נים קײַן שלעכטע קאָמעדיע. מע דאַרף דאָ גלײַך זאָגן—זי איז ווײַט פֿון אַן עכט-ליטעראַרישער קאָמעדיע, אַזאַ, וואָס זאָל זײַן פֿעט אָנגעזעטיקט מיט קאָמעדיע-שטייגער, וואָס זאָל זיך אַף לאַנג פֿאַרגעדענקען; אַזאַ קאָמעדיע האָט נאָך דערווײַל נים געגעבן אַפֿילע די רוסישע דראַמאַטורגיע. אַזאַ קאָמעדיע איז נאָך דערווײַל זייער שווער—אויב נים אוממעגלעך—צו געבן. אַ קאָמעדיע איז פֿיל שווערער צו שרײַבן, ווי אַ דראַמע. אויב מע וויל נים געבן בלויז אַ קאָמעדיינע ט ע מ ע, נאָר אויך קינסטלעריש געבן אַ קאָמעדיע-פּערסאָנאַזש, מוז מען בעפֿיירעש האָבן אַ געדיכטן אָפּגעזעצטן שטייגער. דאָס איז

*) עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די פּיעסע איז אַרויס פֿון דרוק ערשט אין 1928-טן י., ד. ה. מיט דרײַ יאָר שפּעטער, איידער זי איז אָנגעשריבן געוואָרן. אין אונדזער צײַט, ווען מאַמעש יעדער יאָר איז אַ באַזונדערע עפּאָכע, איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ קאָמעדיע, וואָס איז געשריבן געוואָרן אַף אַ מאָמענט-טעמע און האָט קײַן שום פּרעטענזיעס נים אַף „אייביקײַט“, האָט שוין אין נײַנצן אַ כ ט ו נ צ וו אַ נ צ י ק באַדייטנדיק פֿאַרשפּעטיקט. נאָר עס איז אַבסאָלוט נים פֿאַרשטענדלעך, צו וואָס האָט אַזאַ פּיעסע, וועלכע עס איז אויסגעצייכנט פֿאַר קלובן, געדאַרפֿט וואַרטן אַזויפֿיל יאָרן אַף „אָנערקענונג“.

נאָך דערווײַל ניטאָ. אונדזער לעבן האַלט זיך אין איין אויספאָרמירן, אין איין אויסבילדן זיך און אין ג ל ײַ כ ן, אָבער אַ קינסטלעריש-ריכטיקן שפּיגל איז אים נאָך ביז הײַנטיקן טאָג זייער שווער צו געבן, אַפּשיטע שוין אין קינסטלעריש-ק ר ו מ ע ן שפּיגל.

קענען מיר איצט מאָנען פון אַ קאָמעדיע בלויז אַ צײַטווערטיקע קאָמעדיינע ט ע מ ע, אַן אינטערעסאנטן קאָמעדיינעם סוזשעט, און דער טיפּאַזש זאָל זײַן אַ מער-אָדער-ווייניקער אויסגעהאַלטענער און נאָענט צום לעבן.

און פון דעמדאָזיקן שטאַנדפונקט אַרויסגייענדיק, רעכענענדיק זיך דערהויפּט מיט דער צײַט און דאָס, וואָס די דאָזיקע קאָמעדיע איז פאָרט די ערשטע, איז די קאָמעדיע „אַף דער גרענעץ" בעפּיירעש באַפרידיקנדיק. די טעמע איז גענוג אַנעקדאָטיש, אַז מען זאָל זי קענען פאַררעכענען פאַר אַ קאָמעדיינער. דער סוזשעט אַנטוויקלט זיך גאַנץ שפּאַנענדיק און דער פערסאָנאַזש איז גענוג ביליק-טראַגיש, אַז מע זאָל פון אים קענען כייזעק מאַכן.

דער כעסאָרן אין דערדאָזיקער קאָמעדיע באַשטייט דערײַן, וואָס אָט די אַלע עלעמענטן זײַנען גענומען געוואָרן ווײַט ניט ערנסט, אַפילע פאַר די מעגלעכקײַטן פון א ו נ ד ז ע ר צײַט. עס מאַכט אַן אײַנדרוק, אַז די גאַנצע קאָמעדיע איז אָנגעשריבן געוואָרן נאַכלעסיק, דאָס, וואָס מע רופט אַן לעאַכער-יאַד. דער עצעם אַנעקדאָט מיט אַ יידישן כלעסטאַקאָוו, ראַכמאָנעליצלאַן, אין דער פאָרם, ווי ער איז גענומען געוואָרן אין דערדאָזיקער קאָמעדיע, איז ווײַט ניט געלונגען. דערצו איז נאָך די עצעם טעמע גענומען געוואָרן מער אַוואַנטוריסטיש איידער אַנעקדאָטיש, און די עצעם אַוואַנטיורע איז אַזוי בוילעט, אַז דער אַוואַנטיוריסטישער אָנשטעל באַקומט זיך זייער נאַיִוו.

אָבער ניט געקוקט אַף אַלע אירע כעסרוינעס, איז די קאָמעדיע פאָרט אַ באַפרידיקנדיקע: זי איז אָנגעשריבן געוואָרן לײַכט, גענוג שפּילעוודיק, מיט ניט קײַן שלעכטער ליטעראַרישער שפּראַך. דער טיפּאַזש איז—אויסער צוויי האַלב-סימוואָלישע פיגורן: גערשן און סראָלקע, וואָס ווער ווייס צוליב וואָס האָט מען זיי ביכלאַל געדאַרפט האָבן—אַ דורכשניטלעך-לעבעדיקער.

* *
*

„ב אָ ט ו י ן" איז שוין אַ פּרוּוו צו געבן אַן ערנסט דראַמאַטיש ווערק אַף אַ הײַנטצײַטיקער טעמע.

פאַר וועוויאָרקען איז געשטאַנען אַ גוואַלדיק-שווערע אויפגאַבע: נעמען אַ פאַקט, וועלכער איז אַזוי נאָענט, אַז מען קען אים פאַר קיין פאַל ניט אָנרופן אַפילע היסטאָרישער, אַ פאַקט פון ה ײַ נ ט י ק ן טאָג און שאַפן פון אים אַ קונסטווערק. אַלע פאַקטן פון דער רעוואָלוציע זײַנען זייער נאָענט און פון יעדן פון זיי איז גוואַלדיק שווער צו מאַכן אַ קונסטווערק, וואָס זאָל בלײַבן „אייביק". אָבער דאָך האָבן אַ גאַנצע ריי פאַקטן, אַלנפאַלס די, וועלכע זײַנען גענומען געוואָרן אַלס טעמעס צו אַלע סאָוועטישע דראַמעס, כאָטש אַ וועלכע עס איז רעטראָספּעקטיוו. די טעמע „באָטווין" האָט אַפילע דידאָזיקע רעטראָספּעקטיוו אויך ניט. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס איז מאַמעש נעכטן געשען (די פּיעסע האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן אין 1925-טן יאָר). אין אזא פאַל איז גוואַלדיק שווער צו פאַנטאַזירן. די פאַנטאַזיע פון קינסטלער איז אין קלעם פון די צײַטונג-ידיעס, פון קלאַנגען און ידיעס, וואָס מיט זיי איז פול די לופט, די גאַנצע אַטמאָספער אַרום דעם פאַקט.

דידאָזיקע שוועריקײַט האָט וועוויאָרקע אויסגעצייכנט געפילט. אין זײַן קליינינקער פאָרעדע, וואָס ער גיט צו דער פּיעסע, שרײַבט ער: „דעם היסטאָרישן פאַקט פון דער באָטווין-דראַמע האָב איך גענומען אַלס יעסאָד פאַר דעמדאָזיקן ווערק, אָבער ניט די היסטאָרישע כ ר אָ נ י ק: ניט אויסערלעכע פּינקטלעכקײַט פונם היסטאָרישן עלעמענט האָט מיך אינטערעסירט, נאָר זײַן אינערלעכער עמעס, ניט דעטאַלן פון אַ געשעעניש, נאָר דאָס טיפּישע, דאָס סינטעטישע, די אינערלעכע ליכט, און ניט די אויסערלעכע באַלײַכטונג פונם העראָישן קאַמף האָב איך זיך באַמיט צו ווײַזן".

לאָמיר זען, ווי האָט זיך אײַנגעגעבן װעװיאָרקען צו געבן „דעם אינערלעכן עמעס“, „דאָס טיפּישע, דאָס סינטעטישע“, „די אינערלעכע ליכט“, „פון הערא̂ישן קאַמף“!

אַ פּאָר ווערטער פריער וועגן אַ „זײַטיקער“ פראַגע: וועגן דער עצעם טעמע. דעם כאַוער װעװיאָרקע האָט מען אויפגעוואָרפן—און וועגן דעם האָט זיך געפירט אַ גאַנצע דיסקוסיע ראַכמאָנעליצלאַן,—פאַרוואָס האָט ער גענומען אַ טעמע פון אַף יענער זײַט גרעניץ. דעמדאָזיקן פאַקט האָט מען אַפילע געוואָלט ברענגען אַלס איבעריקן באַווײַז דערצו, אַז אונדזערע אויטאָרן אַנטלויפן פון די ארטיקע און הײַנטצײַטיקע טעמעס.

נאָך מיין מיינונג איז דאָס פּאָשעט אַ געווײנטלעכע באַטלאָנישע גריבלערײַ, איינע פון די באַטלאָנישע גריבלערייען, מיט וועלכע מיר זײַנען פיל באַשאָנקען פון „זײַן ליבן נאָמען“... כ׳ ה׳עוויאָרקע האָט געטאָן אַ גוואַלדאוונעם פאַרברעכן: ער האָט געגעבן אַ בילד פון דעם אונטערערדישן לעבן, פון די ווייטיקן און ליידן פון דעם פוילישן פּראָלעטאַריאַט. איז אָנשטאָט אַוועקצושטעלן דאָס פאַר דער ערשטער און גרעסטער מײַלע, האָט מען דאָס פאַרוואַנדלט אין אַן אויסדריגגעניש, אַז דאָס איז ראַכמאָנעליצלאַן אַן אָפּנויג. „באַטווין“ האָט בעפּיירעש געהאָלפן אונדז אין דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג, דערהויפּט פון דער יוגנט. די טעמע איז בעפּיירעש אונדזערע אַן אַקטועלע און זייער אַ נויטיקע. נאָך מער, דיזעלבע טעמע וועט נאָך אַ צײַט לאַנג אונדז דינען, אויב עס וועט ניט אויסוואַקסן אַ מער שטאַרקערע קינסטלערישע ווערק, וואָס וועט אונדז שילדערן דעם אונטערערד אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אַלזאָ, וועגן דער טעמע איז ניטאָ וואָס צו ריידן. די טעמע איז געווען זייער אַ וויכטיקע און וועט אַ צײַט לאַנג בלײַבן אַ נייטיקע.

די פראַגע איז בלויז אין דעם, ווי איז די טעמע באַאַרבעט געוואָרן, ווי איז זי אונדז אונטערגעטראָגן געוואָרן.

באָטווין איז די הויפּט-פיגור פון דער פּיעסע. און באָטווין האָט געדאַרפט וואַקסן פון סצענע צו סצענע, באָטווין האָט זיך געדאַרפט אויסקריסטאַליזירן, אין פּראָצעס פון פאַנאַנדערוויקלען די טעמע, אין אַ גרויסן העלד. אַף דעם האָט שוין מיסכאַיעוו געוועזן דעם אַוטאָר דער נאָמען פון דעם ווערק. זײַנען פאַראַן בלויז צוויי מאָמענטן, ווו באָטווין טיילט זיך אויס פון דעם גאַנצן אַרומיקן אַרבעטער-אוילעם—דאָס איז די לעצטע סצענע אין דעפּענסיווע, און די סצענע פון צושיסן באָטווינען. און אין דידאָזיקע צוויי מאָמענטן טיילט ער זיך אויס פון דעם אַרום מער ניט דערפאַר, ווײַל זײַן אַרום איז שוין דאַן נישטאָ: באָטווין איז איצט פּאָנים-על-פּאָנים בלויז מיט דעם פאַרביסנסטן סוינע, מיט פּיאָנטקאָווסקין. כ׳ װעװיאָרקע האָט גענומען צוויי עקסטרעמע לעבן-מאָמענטן בײַ באָטווינען: באָטווין דער ייִנגעלע, וואָס פאַרקויפט צײַטונגען, און באָטווין דער העלד, וואָס שטאַרבט אַזוי העראָיש אַף דער טליע. קינסטלעריש איז דאָס אַ קאָלאָסאַלע דיסטאַנץ, ווײַל דאָס, וואָס אין לעבעדיקן לעבן געדויערט בלויז אייניקע מאָמענטן, דאַרף דאָס גאַנץ אָפט אין דער קונסט פאַרנעמען גאַנצע בענדער. װעװיאָרקען האָט זיך ניט אײַנגעגעבן דערווײַזן, ווי אַזוי איז באָטווין דער צײַטונג-פאַרקויפער, דער שטיפער-ייִנגעלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַזאַ היסטאָרישן העלד. עס פעלט אין דער שילדערונג פון דעם העלד די צוזאַמענשטויסונגען, די קאָנפליקטן מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע פיגורן, וואָס זאָלן אויפדעקן דעם וווּקס פון דעם שטיפערל און די פאַרוואַנדלונג אין אַ העלד. ניט דאָס איז שלעכט, וואָס נאַטוראַלי באָטווין איז אַ צײַטונג-פאַרקויפער, די „פּראָפעסיע“ שפּילט דאָ קיין ראָל ניט, נאָר וואָס ער איז אַזאַ צײַטונג-פאַרקויפער. נאַטוראַלי אין דער ערשטער באַגעגעניש טיילט זיך אויס פון די איבעריקע צײַטונג-פאַרקויפער בלויז מיט דעם, וואָס ער איז אַביסעלע דערפאַרענער און האָט פלינקערע אײַנפאַלן, אָבער ער בלײַבט דאָסזעלבע קינד, ווי זיי. אין דעם ערשטן בילד פון צווייטן אַקט איז ווידער אַמאָל דאָ אַן „אײַנפאַל“—מיטן אײַנשיקערן דעם פּאָליציאַנט. דער עצעם פאַקט פון אײַנשיקערן דעם פּאָליציאַנט איז זייער

אַ ביליקער. און דער „אײַנפֿאַל“ זאָגט אויך זייער ווייניק, אַז פֿון דעם זאָל מען קענען אַדויסדרינגען באַטוויִנס העלדישקײַט. אין דעם צווייטן בילד פֿון דעם צווייטן אַקט איז שוין גראָד דאָ פּלאַץ, ווו באַטווין זאָל זיך קענען פֿאַנאַנדערוויקלען: די צוגרייטונג צום שטרײַק. איז אָבער דאָ דער אָנפֿירער גראָד ניט באַטווין, נאָר וואַלצער. בלײַבט אויך דאָ פֿאַר באַטוויִנס כאַראַקטער-אַנטוויקלונג נאָר דאָס, וואָס ער שלאָגט אָפּ דעם אַלטן שיקער פֿון דעם צאָרן פֿון די אָרומיקע אַרבעטער. אויך דאָס איז צו ווייניק, קעדיי ער זאָל, איבער עטלעכע סצענעס אַריבערשפּרינגענדיק, אַוועקשטעלן אים אַזוי העלדיש אַפֿן עשאַפֿאָט.

אין דעם דריטן בילד פֿון דעמזעלבן אַקט איז דאָ איין צוזאַמענשטויס צווישן באַטווינען און צעכנאָוויסקין, אַ צוזאַמענשטויס, וואָס גיט שוין יאָ אַ בוילעטן כאַראַקטערשטריך פֿאַר באַטווינען, איז דאָס, ערשטנס, בלויז איין שטריך אַן און פֿאַר זיך פֿון פֿריִער ניט צוגעגרייטן און, צווייטנס, איז אַפֿילע דערדאָזיקער שטריך צו אומבאַדײַטנדיק, קעדיי שפּעטער אים אַוועקשטעלן מיטן פּאָנים צום טויט.

אַפֿילע אין דריטן אַקט (אין דעם צווייטן בילד), אין דעפּענזיווע, פּרוּווט נאָך וועוויאָרקע געבן נאָפּטאָלין אין דעמזעלבן שטיפֿעריש-קלוגעטשקן טאָן פֿון כאַראַקטער, ווי אין דעם ערשטן אַקט. און ערשט אין דעם לעצטן בילד פֿון דעפּענזיווע איז באַטווין גענוג ערנסט און קעמפֿעריש אויסגעהאַלטן.

אַלזאָ, באַטווין, ווי אַ טיטל-העלד, איז געבויט געוואָרן ניט טיף, ער איז ניט געוואַקסן פֿון סצענע צו סצענע, ער איז בלויז אַנדערש געקליידעט.

די פּיעסע וואָלט באַדאַרפֿט הייסן ניט „באַטווין“, וואָלט באַטווין דאַן געווען איינע פֿון די ניטשלעכטע עפּיזאָדישע פֿיגורן, דאַן וואָלט מען דעם גאַנצן העראָיִזם געדאַרפֿט בויען אַרום אַן אַנדער פֿיגור. ניכער פֿאַר אַלץ אַרום וואַלצערן, ווײַל ער איז די אײַנגעגעבנסטע פֿיגור אין דער פּיעסע.

אַלע איבעריקע פֿיגורן זײַנען געגעבן געוואָרן אויסגעהאַלטן-ליטעראַריש, מע קען זיך צו זיי ניט טשעפּען. אָבער צווישן זיי איז ניטאָ, אויב מע זאָל ניט רעכענען וואַלצערן, קײַן בוילעטע כאַראַקטער-פֿיגורן. וואָס זאָלן אַף זיך אופֿמערקזאַם מאַכן, וואָס זאָלן זיך מיט וואָס עס איז קינסטלעריש אויסטיילן.

אין „באַטווין“ איז ניטאָ קײַן אַלגעמיין גרויס און רײַך בילד פֿון דעם אונטערערדישן לעבן אין פּוילן, דאָרט זײַנען דאָ באַזונדערע, גאָר ניט שלעכטע בילדלעך פֿון אונטערערד. אַ גאַנץ ליריש בילדל בײַ באַטוויִנען אינדערהיים, ווען עס וואָלט זיך ניט אַרײַנגעמישט דער אומגליקלעכער פּאָליציאַנט, דאָס בילד אַפֿן פֿאַבריק, דעם צווייטן מאָל בײַ באַטוויִנען, די בילדער אין דעפּענזיווע. דער לעצטער אַקט אינגאַנצן גענומען—יעדע בילד באַזונדער איז אַ גוט קינסטלערישע פֿאָטאָגראַפֿיע, אָבער צו אַ סינטעטיש בילד פֿעלט בלויז איין זאַך—די אַטמאָספֿער פֿון אונטערערדישן לעבן. די פֿאַקטן, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן אין יעדן בילד, זײַנען ריכטיקע, איר קענט זיך מיט זיי באַגעגענען טאָגטעגלעך, אָבער אין די פֿאַקטן פֿעלט די קינסטלערישע טיפּישקײַט.

דערפֿאַר אָבער איז זי אין הינזיכט פֿון סצעניִשקײַט זייער גוט. זי לייענט זיך מיט אינטערעס און קוקט זיך מיט נאָך מער אינטערעס. זי האָט גענוג אינטריגע, זי האָט האַנדלונג, זי האָט אַ לעבעדיקע שפּראַך. און דאַווקע דערפֿאַר, ווײַל דער אַווטאָר האָט גענוג ליטעראַרישן געשמאַק, האָט ער געקענט פֿון אַזאַ נאָענטן פֿאַקט שאַפֿן אַ גענוג ליטעראַרישע פּיעסע. אָבער צוליב דעמזעלבן טאַם האָבן מיר רעכט צו מאָנען בײַ דעם אַווטאָר, ער זאָל אויסמײַדן אַזעלכע ביליקע עפֿעקטן, ווי דער טויש פֿון די מאַנטלען אין ערשטן אַקט. עס ווערט אַ דעטעקטיוו פֿון ביליקן מין.

אַלנפֿאַלס איז „באַטווין“ איינע פֿון די בעסטע סצעניִשע פּיעסן פֿאַר די לעצטע פּאָר יאָר.

* * *

א. קושנירָאָווס „הירש לעקערט" איז אַ פּיעסע, וואָס ליגט אינגאַנצן אין אַן אַנדער פּלאַן. „הירש לעקערט" איז בעפּיירעש אַ געשעעניש אין דער יידישער דראַמאַ-טורגיע. דאָס איז דער ערשטער פּרווו צו געבן אַ קלאַסישע דראַמע.

מיר וועלן פּרווון דידאָזיקע פּיעסע באַטראַכטן אַביסל גענויער.

קושנירָאָוו האָט אויסגענוצט אַלץ, וואָס ער האָט געקענט, וואָס עס איז מעגלעך געווען אויסצונוצן, קעדיי צו געבן אין דער דראַמע אַ קינסטלעריש-ריכטיק בילד? די ערשטע זאַך, פון דער עפּאָכע. און דאָס האָט זיך קושנירָאָוון איינגעגעבן אַף הונדערט פּראָ-צענט. ער האָט זיך טיף אַריינגעטאָן אין דעם מאַטעריאַל, און אין דער הינזיכט פון דער אָביעקטיווער אָפּשאַצונג פון דער עפּאָכע האָט א. קושנירָאָוו געגעבן אַלץ, וואָס מע קאָן מאָנען פון אַ קינסטלער. ער האָט דעם „בונד" ניט צו שטאַרק אידעאַליזירט, ער האָט אים אָבער אויך ניט גענומען אין טאָן פון אַ פלאַכער אַגיטקע.

אין „בונד" איז שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. אָט דעמדאָזיקן הויפּט-שטריך אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכן דער אָנפירנדיקער טייל האָט אַזוי גלענצנדיק פאַרדעקט, האָט א. קושנירָאָוו געגעבן זייער קורץ, אָבער זייער בולעט.

איינע פון די מאַסאָווע אַרבעטערקעס, שיינע, שטייט און טרוימט אַפן קאָל איר אינטערנאַציאָנאַלן טרוים:

„אָט זאָל שוין גיכער קומען סענעדעראַצקי;
און זאָל שוין ברענגען אונדז אַ פריילעך נייס,
אַז די פּאַליאַקן גייען אויך מיט אונדז...
אָט דאָס וואָלט היינט געווען אַ דעמאָנסטראַציע!
ווען ס'גייען אַלע אַרבעטער, ווי איינער—
די יידישע, די פּוילישע, די ליטווישע
אינאיינעם".

און אַף דעמדאָזיקן לירישן טרוים פון אַ פּאָשעטער אַרבעטערקע, ענטפערט דער בונדישער אינטעליגענט, און אין דעם ענטפער ליגט די אויסגעגאָסענע קליינבירגערלעכע. טיפּיש-בונדישע פאַריסנקייט, די באַגרענעצטע גייווע, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגע-צייכנט דער „בונד":

„און איך! וואָס מיינט איר, איך בין קעגן דעם?
נאָר מיילע, צי זיי וועלן גיין, צי ניין—
דאָס ערשטע אָרט געהערט דעם „בונד" אַלציינס".

אין דערדאָזיקער קורצינקער, אָבער שאַרפער פראַזע ליגט דער גאַנצער נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישער אונטערשלאַק פון „בונד", פון דעם „איינציקן פאַרשטייער", וואָס האָט אַזוי געקוויקט די נעשאָמע פון דעם יידישן אינטעליגענט און איז גאָר ניט אַזוי געפעלן געוואָרן דעם אויסגעהאַלטענעם טייל פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

שיינע וויל זיך ניט אונטערגעבן. שיינע איז קריגעריש:

„וואָס ווילט זיך אייך, זיין איינער אַף דער גאַס?
געדענקט: אַז אָך און ווי וועט זיין צו אונדז,
אויב מירן אויך אַף ווייטער אָפּצוימען דעם „בונד"
פון גאַנצן רוסלענדישן אַרבעט-קלאַס".

אַף דעמדאָזיקן שאַרפֿן פּראָטעסט קען דער בונדישער אינטעליגענט ניט ענטפֿערן, ער האָט ניט וואָס. פּרוּווט ער זיך ווירקן אַף שיינען מיט דעם אײַנגעבאַקענעם געפֿיל פֿון פּאַטריאָטיזם צום „בונד“, וואָס עס איז געווען אין זײַנע מיטגלידער.

„איז נעמט צולאָזט דעם „בונד“ און גייט צו זיי!“

דער קינסטלערישער אינסטינקט האָט קושניראָוון אונטערגעזאָגט צו געבן אין סענדעראַצקעס מויל אַזאַ אויסגעצייכנטן, מאַמעש קלאַסישן ענטפֿער. דאָ ליגט די גאַנצע פּסיכאָ-אידעאָלאָגיע פֿון „בונד“: מיר און זיי, קעגנשטעלן די יידישע אַרבעטער, די פּוילישע, די ליטווישע א. אַז. וו.

דער פּאַטריאָטיזם פֿון „בונד“ איז אָבער געווען זייער שטאַרק. אַפֿילע שיינע קען ניט בײַשטיין קעגן אים: סטײַטש, צולאָזן דעם „בונד“. און שיינע ענטפֿערט שוין געבראָכן:

„איך ווייס ניט, ווער בעדאַרף צו וועמען גיין,
צי זיי צו אונדז, צי מיר צו זיי...
נאָר, זילבערשטיין, וואָלט דען ניט בעסער זײַן—
איין גרויסע, שטאַרקע אַרבעטער-פּאַרטיי?“

אין דעמזעלבן אויסגעהאַלטענעם טאָן, היסטאָריש ריכטיק, שילדערט א. קושניראָוו אויך דעם אינעווייניקסטן קאַמף, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין „בונד“ אין דער פֿראַגע פֿון אַקטיווער אַרויסטרעטונג אַף די גאַסן; ער גיט איבער אויך היסטאָריש-ריכטיק די גאַנצע פֿאַרלאָרנקײַט פֿון דער בונדישער אינטעליגענץ אין דער פֿראַגע פֿון טעראָר. קושניראָוון האָט זיך זייער גוט אײַנגעגעבן צו שילדערן די אַלגעמיינע געדיכטע שטימונג פֿון געפֿאַלנקײַט, וואָס עס האָט געהערשט אין דער מאַסע נאָך דער עקזעקוציע.

אין דערדאָזיקער היסטאָרישער שילדערונג איז קושניראָוו ווירקלעך קלאַסיש. דאָ האָבן אים די היסטאָרישע דאָקומענטן זייער פֿיל געהאָלפֿן.

אָבער דיזעלבע דאָקומענטן האָבן קושניראָוון געשטערט צו אַנטוויקלען און פֿאַנאַנדערוויקלען דעם סיוזשעט, צו שילדערן פּסיכאָלאָגיש-טיף דעם הויפּט-העלד פֿון דער פּיעסע, הירש לעקערטן.

פּראָטאָקאָלן און דאָקומענטן, אַרכיוו-מאַטעריאַלן בכלל גענומען, זײַנען אויסגעצייכנטער מאַטעריאַל צו שילדערן די „פּסיכאָלאָגיע“ פֿון דער עפּאָכע; ביז הײַנטיקן טאָג האָט זיך אָבער נאָך ניט אײַנגעגעבן צו קריגן אַזאַ אַרכיוו-דאָקומענט, וואָס זאָל געבן אויסשעפּנדיק די פּסיכאָלאָגיע פֿון דער אָדער יענער פּערזאָן. די מענטשן-פּסיכאָלאָגיע, די טיפֿע אינטימע איבערלעבונגען פֿון דעם רעוואָלוציאָנער האָט נאָך דערווײַל ניט קיין דאָקומענטן, דאָס האָט דער אָכראַנקע-מאַטעריאַל ניט געקענט געבן. פֿאַרקערט, די אָכראַנקע האָט אַלץ געטאָן, קעדיי צו פֿאַרפֿלאַכן די רעוואָלוציאָנערן, צו שילדערן זיי, אַלע ווי איינעם, ווי בונטאָווטשיקעס און גאָר.

צוגייענדיק שילדערן איינצלנע רעוואָלוציאָנערן מוז מען אָפּט אָפּוואַרפֿן דעם אַרכיוו-מאַטעריאַל און צורופֿן די קינסטלערישע עמאַציע, די קינסטלערישע פֿאַנטאַזיע. דאָ קען פֿיל מער העלפֿן אַ צופֿעליק געזאָגטע פֿראַזע פֿון דעם אָדער יענעם רעוואָלוציאָנער, אַ זײַטיקע צעטעלע, אַ בריוועלע, בעסער פֿאַר אַלץ מעמואַרן.

דאָס אַלץ איז אין די אַרכיוו-דאָקומענטן ניטאָ. דער קינסטלער, אַפֿן סמאַך פֿון פּערזענלעכער דערפֿאַרונג, אַפֿן סמאַך פֿון לעגענדעס, וואָס טראָגן זיך אַרום וועגן דעם העלד, טראָגט אויס אין זײַן פֿאַנטאַזיע אַ העלד, גאָרניט ענלעך אַף דעם, ווי ער ווערט געשילדערט דורך די אַרכיוו-דאָקומענטן, אָדער אַפֿילע, ווי עס קענען אים זײַנע מיטקעמפֿער.

קעדיי דעמדאָזיקן העלד שילדערן אַלזײַטיק, איז אָבער נייטיק צו געבן אַ גאַנצע ריי סיטואַציעס, אַ גאַנצע ריי טרעפֿענישן, צוזאַמענשטויסן, קאָנפֿליקטן, וואָס מע געפֿינט זיי

גאָרניט אין די היִסטאָריִשע דאָקומענטן. אָט דאָ שטויסט זיִך צונויף דעם קיִנסטלערס פֿאַנטאַזיע מיִט דעם קלוימערשטן היִסטאָריִשן „עמעס". איִך זאָג קלוימערשטן, ווײַל די בעסטע אַרכיִוו-מאַטעריאַלן וועלן ניט קענען געבן אַלע סיִטואַציעס און קאָנפֿליִקטן פֿון דער אָדער יענער פּערזאָן. און גאַנץ אָפֿט טרעפֿט, אַז גראד די געשעעניִשן און צוזאַמענשטויסן, וואָס זײַנען זייער כאַראַקטעריִסטיִש פֿאַר דער פּסיִכאָלאָגיע פֿון דער אָדער יענער פֿיִגור, זײַנען אָדער פֿאַר דער געשיִכטע ניט איִנטערעסאַנט, אָדער זיי פֿעלן איִן די היִסטאָריִשע דאָקומענטן.

און טאַקע דעריִבער איִז זייער שווער צו בויען אַ היִסטאָריִשע דראַמע, באַזונדערס אַזאַ, וואָס די היִסטאָריִשקײַט איִרע איז ניִט קײַן ווײַטע, וואָס עס לעבן נאָך זייער פֿיִל אָנטיילנעמער פֿון די היִסטאָריִשע געשעעניִשן.

און קושניִראָוו איִז געפֿאַלן אונטער דער לאַסט פֿון די היִסטאָריִשע „פֿאַקטן", פֿון דעם אַרכיִוו-מאַטעריאַל. ער האָט לעקערטן ניט געקענט דורכלאָזן דורך זײַן קיִנסטלעריִשער פֿאַנטאַזיע, ווײַל יעדער שטיִקל דאָקומענט האָט געטײַט מיִט די פֿיִנגער... און אַף וויִפֿל מע האָט געדאַרפֿט שיִלדערן די פּסיִכאָלאָגיע פֿון דעם מאַסן-מענטש איִן דער אַרומריִנגלונג פֿון „היִסטאָריִשע" אָנווײַזונגען, איִז ער אַרויסגעקומען אַ סכעמע איידער אַ לעבעדיִקע פֿיִגור. לעקערט איז ניִט איינהײַטלעך געגעבן געוואָרן. לעקערט איִז אַ פּאָשעטע, אַ טיִף־איִנטויִטיִווע פֿיִגור, ער איִז אַן אַלפֿאַבעט, אָבער ניט געקוקט דערויף איז ער אַ גוואַלדיִקער העלד, וואָס קען, שטייענדיִק אַף דער טליע, שיִקן דעם ראָוו, נעמזער צו אַלדע שוואַרץ יאָר, ווען ער לייגט איִם פֿאַר זאָגן ווידע.

איִז פֿאַר אַזאַ מאַסן-מענטשן זייער כאַראַקטעריִסטיִש, ווען ער זאָגט:

„אַ גוטער פֿערד צערײַסט אַליין די פּענטע,
אַ פֿוילער וואַרט מען זאָל זי איִם צובינדן".

אָבער פֿאַר איִם איִז אַבסאָלוט ניט טיִפּיִש, ווען ער זאָגט: „זיי מאַכן איִצט געזעצלעך אונדזער קאַמף", אָדער: „נאָר לײַכטזין איִז ניט בעסער פֿון פֿאַראַט". ווי קומען אַזעלכע איִנטעליגענטיִשע ווערטער צו אַזאַ פּאָשעטן אַמכאָ, ווי לעקערט?

שיינע איז די איינציִקע אַרבעטער-פֿיִגור, וואָס איז געגעבן געוואָרן לעבעדיִק, און איִן אַ גאַנצער ריי ערטער הויבט זי אָן מיִט איִר גאַנצקײַט פֿאַרטושיִרן לעקערטן.

די סאַמע אײַנגעגעבנסטע פֿיִגור איִז פֿאָן-וואַל. ער איִז שטאַרק, ער איִז מאָנומענטאַל. אומעטום איִז ער איִבערצײַגנדיִק, ער איִז דער טרײַער הענקער פֿון צאַר. ער איִז סאַדיִסטיִש קרענקלעך איִן זײַן אויספֿיִלן די פֿליִכטן...

און ווען מיִר פֿאַרגלײַכן די צוויי הויפּט-העלדן: פֿאָן-וואַלן און לעקערטן, איז ווײַטיקנדיִק-פֿאַרדראָסיִק, פֿאַרוואָס האָט קושניִראָוו אָפּגעגעבן דעם קיִנסטלעריִשן „כיעס" פֿאָן-וואַלן און דעם קיִנסטלעריִשן „סייכל" היִרש לעקערטן.

ביי באַגאַליי, איִ סאָניע שערעשעווסקי זײַנען געגעבן געוואָרן נאָך מער סכעמאַטיִש, ווי היִרש לעקערט. איִן באַגאַלייען פֿעלט דער דורכגעטריִבענער זשאַנדאַרמסקער זשוליִק, וואָס האָט געפֿיִרט אַ פּאָליִטיִק, וואָס איז געוואָרן היִסטאָריִש פֿאַרייביִקט. סאָניע שערעשעווסקי האָט געקענט אויסוואַקסן איִן אַ קאָלאָסאַל-טראַגיִשער פֿיִגור, באַ קושניִראָוון זעען מיִר דאָס ניט.

דיזעלבע היִסטאָריִשקײַט האָט אויך געשטערט דעם כ' קושניִראָוו צו וויִקלען און פֿאַנאַנדערוויִקלען אַן איִנטערעסאַנטן און זייער רײַכן סוזשעט. אַלס סצעניִש ווערק האָט די פּיעסע קײַן כוט-האַשעדרע ניִט, זי האָט אייגנטלעך קײַן סוזשעט ניִט. זי האָט באַזונדערע בילדער, אָבער זיי זײַנען ניט צונויפֿגעפֿלאָכטן.

דאָס זײַנען די שוואַכע זײַטן פֿון דער פּיעסע.

ניט געקוקט אָבער אַף דיִראָזיִקע שוואַכע זײַטן, איִז „היִרש לעקערט" אַ קאָלאָסאַלע דערגרייכונג איִן אונדזער דראַמאַטיִשער ליִטעראַטור. דאָס איז די ערשטע פּיעסע מיִט

אַ גלענצנדיקן ליטעראַרישן סטיל. דאָס איז אַ פּיעסע, וואָס שילדערט אַ היסטאָרישע עפּאָכע, אַ גלענצנדיקע היסטאָרישע עפּאָכע אין דער העראָישער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

* * *

וואָלטן מיר געדאַרפֿט זאָגן כאָטש אַ פּאָר ווערטער וועגן נאָך איין פּיעסע, וואָס האָט אין איר צייט געמאַכט אַ שטיקל טומל און וואָס האָט געהאַט אַ גלענצנדיקן אָפּשניט פֿון אונדזער מאָסקווער טעאַטער—דאָס איז וועגן ל. רעזניקס „אויפשטאַנד". האָבן מיר אָבער וועגן איר שוין איין מאָל געשריבן אין „אָקטיאַבר" און אומקערן זיך נאָך אַמאָל צו אַט דעמדאָזיקן „ווערק" לוינט ניט.

## 2. שאַלאַכמאָנעסדיקע ליטעראַטור.

די יונגט אונדזערע ווייס שוין אַוודאי ניט, וואָס איז דאָס אַזוינס שאַלאַכמאָנעס. וועלן מיר דאָס דערקלערן. שאַלאַכמאָנעס איז אַזאַ מין בילִיקע צוקערקעלע, אַ זיסינקע און זיס-צוגעפּוצטע, מיט רויטינקע בעקעלעך און גאָלדענע שמאַכטעקעלעך. און נעמט איר אין מויל, איז דאָס פּאַסקודסטווע, ווערט אייך באַלד זיס אין פּאַטילניצע...

מיר האָבן סימאָנים, אַז באַ אונדז הייבט זיך אָן צו שאַפֿן אַזאַ מין ליטעראַטור, אַ צוגעפּוצטע, מיט אונטערגעפֿאַרבענע בעקעלעך, מיט גאָלדענע שמאַכטעקעלעך, אַ פּריקרע-זיסע ביז שאָפֿלדיקייט.

מיר האָבן אונדזערע שרייבער געשטעלט שטענדיק איין הויפּט-פֿאָדערונג: וואַרפֿט אַוועק דעם פּעסימיזם, טראָגט ניט אַריבער צו אונדז אין אונדזער לאַגער די יערידע-שטימונגען פֿון די שיכטן, וואָס זיינען פֿאַרמישפּעט געוואָרן צום אונטערגאַנג, ווייל זיי ווילן זיך ניט שיידן מיט דאָס אַלטע. גיט אונדז דאָס געזונטע, דאָס לעבעדיקע; דאָס, וואָס איז אָרגאַנישער, כאַראַקטעריסטיש טיפּיש. נאָך אַ זאַך, מיר האָבן פֿיינט אָט די כניקעניש, די אינטעליגענטישע קרעכצעניש, ווייל אָט די פֿאַרבענקטע הימלדיקע אויגן ניט נאָר, וואָס זיי אָרגאַניזירן ניט, נאָר זיי דעזאָרגאַניזירן, דאָס העלפֿט ניט אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, נאָר דאָס שטערט איר. מיר דאַרפֿן איצט האָבן מונטערקייט, ווייל מיר לעבן און אַרבעטן זייער שווער, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט סאָנים. אָפּטמאָל ווערן מיר מיד, און אַזעלכע יערידע-שטימונגען קענען אַף די שוואַכע צווישן אונדז ווירקן שלעכט, זיי קענען ווערן אָפּהענטיק.

דאָס האָט אָבער קיינמאָל ניט געהייסן, אַז מיר פֿאָדערן פֿון דער ליטעראַטור באַהאַלטן אונדזערע שלעכטע זייטן, פֿאַרטושירן אונדזערע שוועריקייטן און אויסמאָלן אונדזער לעבן, ווי אַ זיסלעכע, שאַלאַכמאָנעסדיקע אידיליע. דער אַלטער, אַמאָליקער הורראַ-פּאַטריאָטיזם איז אונדז שטענדיק געווען פֿרעמד, ער איז אונדז שטענדיק געווען שעדלעך. אויפֿדעקן, נאָר וואָס שטאַרקער קינסטלעריש אויפֿדעקן אונדזערע שלעכטע זייטן, אָבער דערביי געבן אַ פּערספּעקטיוו, אונדזערע אַ פּערספּעקטיוו.—אָט דאָס האָבן מיר געפֿאָדערט, אָט דאָס ווילן מיר. און מיר זיינען גערעכט. ווייל וויפֿל שלעכטס עס איז באַ אונדז ניט פֿאַרבליבן פֿון אַמאָל, האָבן מיר דאָך פֿון טאָג צו טאָג גאָר גרויסע ניצכוינעס און די פּערספּעקטיוו איז אַ פֿריילעכע, אַ מונטערע.

האָבן אָבער איניקע שרייבער פֿאַרשטאַנען אונדז קענטיק קאַפּויר. און וועלנדיק זיין הונדערטפּראָצענטיק אויסגעהאַלטן אידעאָלאָגיש, האָבן זיי גענומען שילדערן אונדזער לעבן אין דעם טאָן פֿון אַ ביבלישער אידיליע, מיט בולקעס אַף די זוואַלינקעס, מיט דעם באַרימטן טראַפּאַרעט פֿון „יעדער וועט זיצן אונטער זיין פֿייגנבוים"... מיט איין וואָרט, עס האָט זיך גענומען וויזן אַ שאַלאַכמאָנעסדיקע ליטעראַטור.

אָנגעהויבן האָט דידראָזיקע „זײַטעלע“ אין אונדזער ליטעראַטור איינער פּ. וואָלפֿמאַן אין „פּראָליט“. אין נומ. 8—9 פֿון 1928-טן יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט אַ דערציילונג אונטער נאָמען „אין פּריידן“, אַ דערציילונג פֿון אַ ר ב ע ט ע ר-ל ע ב ן. שפּאַרט פֿון דערדאָזיקער דערציילונג מיט אַלע גוטע רייכעס (אויסער טאַלאַנט) פֿון יעכעזקל גאָמבינערס „שטוב“. איז אַז שאָלעם אַש, יעכעזקל גאָמבינערס ליימענער גוילעם, האָט באַשאַפֿן אַן אידיליע איבער זײַן באַלעבאָס, האָט דאָס, ערשטנס, יעכעזקל גאָמבינער געדאַרפֿט, ער האָט דאָס געפֿאָדערט און, צווייטנס, איז דאָס פֿאָרט געווען אָנגעשריבן מיט טאַלאַנט.

פּ. וואָלפֿמאַנס „אין פּריידן“ איז די ערשטע זאַך טאַלאַנטלאָז אָנגעשריבן געוואָרן און, צווייטנס, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט ניט אַזאַ אידיליע. זי איז אים פֿרעמד און שעדלעך. אָט דידאָזיקע שאַלאַכמאָנעסדיקע פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן פֿון אָנהויב ביזן סאָף אין אַ פֿאַלשן טאָן, לויט אַ באַשטימטן אַלטן טראַפּאַרעט, מיט דער אַלטער אויסגעדראָשענער שפּראַך פֿון די אַלטע פּסעוודאָ-ליטעראַרישע בולוואַר-ראָמאַנען. אין זיין יערידע-עפּאָכע.

מוישע, אַן אַרבעטער, אַ פּאָשעטער אַרבעטער, דער הויפּט-העלד פֿון וואָלפֿמאַנס דערציילונג, איז געגאַנגען ניט אַנדערש, ווי „פֿאַרטיפֿט אין זײַנע געדאַנקען“. „דריבנע, שטילע טריט האָבן געשטעלט זײַנע לאַנגע פֿיס“. „אַך, ווען ער וואָלט געקאָנט אַלץ אַרויסזאָגן, אויסדערציילן, וואָס באַ אים ליגט אונטערן האַרצן, גאַנצע ביכער וואָלט ער אָנגעשריבן, גאַנצע ווערק“. „דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צום וואַנט און איבערגעגעבן זיך אין רעשוס פֿון זײַנע דערינערונגען“... „די טירעלעך פֿון זײַן לעבן האָבן זיך פֿאַר אים געעפֿנט און ער שטייט און קוקט...“ מיט איין וואָרט, דאָ פֿעלט בלויז דער מאָנד מיט די שטערן, און איר האָט די גאַנצע שפּראַך פֿון דעם גוטבאַקאַנטן שאָמער אין זיין יערידעפּעריאָד.

זעט, וואָס פֿאַר אַ „שטעטלדיקע“ אידיליע פֿון יעכעזקל גאָמבינערס שניט עס מאָלט אײַך דער יונגער סאָוועטישער און—ווער ווייס—עפּשער טאַקע פּראָלעטאַרישער שרײַבער וואָלפֿמאַן:

„באַם ברייטן דעמבענעם טיש איז געזעסן די פֿאַמיליע און האָט געגעסן מיטיק“.

„אין אַ הויכן געבעטן פּאָטעל זיצט מוישע. און זײַן גרויסע פּוילע פֿיגור איז ווי אײַנגעראַמט צווישן די פּאָטעל-ווענטלעך. זי וויגט זיך צוביסלעך און פֿילט זיך, קאָנטיק, באַקוועם. אַנטקעגן אים אין צווייטן פּאָטעל—דאָס זונדל, הירשקע“...

ווען דערדאָזיקער זאַך ענדיקט זיך ביט מיט „הירשקע קאָמיוגיסט“ (וואָס איז דאָס, באַ אים איז געווען אַזאַ צונעמעניש קאָמיוגיסט, צו וואָס?), וואָלטן מיר זיכער געמיינט, אַז דאָס איז אַן איבערגעפּירטע, אַ צעקאַליעטשעטע ציטאַטע פֿון „ד אָ ס ש ט ע ט ל“, מיט די דעמבענע טישן, מיט די אויסגעבעטע פּאָטעלן און אַז. ווײַטער און א. וו. ביכלאַל געגומען איז באַ וואָלפֿמאַנען מוישעס שטוב געמאָלט געוואָרן „פּונקט“, ווי באַ שאָלעם אַשן איז געמאָלט געוואָרן יעכעזקל גאָמבינערס „שטוב“. נאָר יעכעזקל גאָמבינערס „שטוב“ איז, לויט שאָלעם אַשן, „אַ בעסמעדרעש פֿון האַנדל“, און באַ וואָלפֿמאַנען איז מוישעס שטוב אַ שטוב פֿון טוירע, פֿון קאָמוניסטישער טוירע, עס איז אַ מין בעסמעדרעש פֿון קאָמוניזם.

„אַז ער (מוישע ב. א.) וועט אָפּעסן מיטיק—האָט ער געטראַכט—וועט ער נעמען דאָס נײַע בוך, וואָס ער האָט באַקומען וועגן לעניגען און גיין אַביסל אין גאָרטן אַרײַן“; שפּעטער וועט ער גיין אין „דער קלוב-פֿאַרוואַלטונג“ און פֿאַרבלײַבן דאָרט דעם אָוונט מיט אייגענע כאַווייריס“. אַלץ איז ער, אָט דער פּאָשעטער אַרבעטער מוישע, פֿאַרנומען מיט מיצוועס, מיט קאָמוניסטישע מיצוועס, און ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ פֿרום-קאָמוניסטישער שטיב, וואָס מאַכט ניט קײַן טראָט אָן דעם קאָמוניסטישן שולכן-אָרעך, גייט די יוגנט אין די וועגן פֿון זייערע עלטערן. „גאָכן עסן האָט הירשקע אַ פֿריש-געפּרעסטע שניי-ווײַסע לײַוונטענע העמדל אָנגעטאָן“ און איז אַוועק... אָף אַ באַל מיינט איר? אין אַמאָליקע בולוואַר-ראָמאַנען, באַ דער פֿאַרשאָלטענער צופֿוילטער בורזשואַזיע איז טאַקע אַזוי געווען. אָבער

באַם פּראָלעטאַריאַט און נאָך אין אַזאַ פּרום-קאָמוניסטישער שטוב, ווי מוישעס, האָט הירשקע קאָמיוגיסט „גענומען די פּאָליטגראַמאָטע, עטלעכע קאָמיוגישע צײַטונגען און אַוועק אין גאָרטן"... דער אַלטער טאַטע גייט מיט אַ בוך וועגן לערנען אין גאָרטן אַרײַן. זײַן זון, הירשקע, דער קאָמיוגיסט הירשקע, גייט מיט אַ פּאָליטגראַמאָטע אין גאָרטן אַרײַן. איצט פֿעלט בלויז, אַז פֿונוויַטן זאָל שטיין אַן אַלטער גרײַזגראָער (ווי פּאַסט דאָס אַנדערש) זיידע, זאָל נאַכעסרועכדיק, פֿאַרשטייט זיך, „מיט אַ גוטמוטיקן שמייכעלע אַף די בלאָס, ציטעריקע ליפּן" לויבן און דאַנקען דעם קאָמוניסטישן גאָט פֿאַרן גרויסן כעסעד, וואָס ער האָט געטאָן מיטן פּראָלעטאַריאַט.

נאָך אַזאַ רויקן און פֿרומען דורכגיין זיך אין גאָרטן אַרײַן קומט מען, נאַטירלעך, אַהיים און דאָס גאַנצע געזינדל און נאָך כאַווײרים זעצן זיך טרינקען טיי. איז אָט ווי אַזוי מען שטעלט אויס ... טיי-טיש באַ אַן אַרבעטער אין שטוב. זאָלן דאָס די אַרבעטער לייענען און, ערשטנס, לערנען זיך, און צווייטנס, ניט סמייען זאָגן, אַז עס איז נאָך באַ אונדז ענגע דירעס; מיטן „נײַעם לעבנשטייגער" איז אויך ניט גאָר געראָטן, עס איז נאָך ניט איגגאַנצן געגוג צוקער און אז. וו. און אַז. וו. מיר וועלן זיי שטענדיק אָפּשיקן צו וואָלפּמאַנס דערציילונג „אין פֿריידן". דאָרט ווערט בעפֿיירעש געשריבן אָט וואָס:

„דינע, טיפֿע גלעזער האָבן געפֿינקלט אָפּן שניי-ווײַסן טישטעך, שטערנס האָבן געשוויצט, הענט האָבן געפֿאָכעט מיט טיכעלעך, געווישט די פּענימער". פֿאַרשטייט זיך, באַם פּראָלעטאַריאַט טרינקט מען טיי, ניט קײַן שאַמפּאַניער. אָבער באַשריבן איז דאָס אַזוי כײַנעוודיק, אַז עס ווילט זיך אַריבערטראָגן דידאָזיקע שורעס אין אַ בולוואַר-ראָמאַן, ווו עס ווערט „עכט"-קינסטלעריש באַשריבן אַ בורזשואַזער באַל.

נאָר נאָך בולוואַר-ראָמאַנישער באַשרײַבט וואָלפּמאַן אַ ליאַמע באַ דעמזעלביקן מוישען אין שטוב. די ליאַמע איז ניט כאָלילע גלאַט אין דער וועלט אַרײַן אַ ליאַמע. באַ אַ פֿרום-קאָמוניסטישן פּראָלעטאַריער אין שטוב מאַכט מען ניט קײַן ליאַמעס אָן אַ פֿרומער סיבע. און די סיבע איז אַ וויכטיקע—דער קאָמיוגיסט הירשקע ווערט אַריבערגעפֿירט אין דער פּאַרטיי. אָבער אַזוי, ווי באַ דעמזעלבן הירשקע דאַרף באַלד זײַן אויך „אימענינעס", און אַזוי ווי „אימענינעס" איז אַ בורזשואַזער מינעג, מאַכט מען דעם איבערגאַנג אין דער פּאַרטיי אַ ביסעלע אַ נידכע, מע פֿאַרייניקט דאָס און מע פּראָלעטאַריזירט דעם בורזשואַזן מינעג. איז אָט ווי אַזוי עס קומט פֿאָר אַ בורזשואַז-פּראָלעטאַריזירטע ליאַמע.

„אינם גרויסן העל באַלויכטענעם עסצימער, באַ צוויי לאַנגע ווײַסבאַדעקטע טישן זײַנען געזעסן כאַווײרים און צוגעבעטן. פֿינקלדיקע לעפֿעלעך האָבן געקלונגען אין די גלעזער, דינע שטיקלעך טאָרט, ברוינע קאָרזשיקלעך האָבן זיך געריבן צווישן די ציין, און ווערטלעך האָבן געשיט זיך, געשיט און אָנגעפֿילט די לופֿט מיט פֿרייד און געלעכטער". (אונטערגעשטראָכן דורך מיר ב. א.) פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ פֿרומע ליאַמע הויבט מען ניט אָן אָן אַ קאָמוניסטישער בראָכע: מע זינגט פֿריער „מאָלאָדאַיאַ גוואַרדיאַ", נאָכדעם האַלט מען פֿרומע רעדעס, מיט איין וואָרט, אַלץ ווי געשמירט. און קעדיי די אידיליע זאָל זײַן פֿאַרפֿולט און אויך יידישלעך (איין קליינינקײַט, נאַצפּאָליטיק!) גיט איינער אַ געשריי:

-- „לייזער! עפּעס אַ גוטס פֿון קאַמער-טעאַטער!

„און לייזער האָט זיך צוזונגען וועגן אַ „רעבע, וואָס האָט געוואָלט", און יאַטן האָבן אים אונטערגעהאַלטן און געקוועלט פֿון פֿרייד".

אָט אַזוי שעמענזאַיעסדיק לעבט זיך דאָס דעם פּראָלעטאַריאַט באַ וואָלפּמאַנס „אין פֿריידן". נײַ און אָפּגעפֿרישט איז באַ אים אויך דער לעבנשטייגער אין הינזיכט פֿון פֿאַמיליען-באַציונגען. אָט ווי אַזוי אונדזער פֿאַמיליען-לעבן איז געשילדערט געוואָרן באַ וואָלפֿמאַנען:

„ווען מוישע מיט הירשקען זיינען אוועק צו דער אַרבעט, איז ריווקע אַרויס אָפן באַלקאָן (דער פּראָלעטאַריאַט, ווי איר זעט, האָט אויסער דעמבענע טישן, אויסגעבעטע פּאָטעלן, פינקלדיקע גלעזער, אויך באַלקאָנען) און נאָכגעקוקט, ווי זיי שפּאַנען אַלץ ווייטער אַוועק צום ראַטנפּלאַץ“... און זי, אַזוי ווי מוישע בעשייטע, האָט זיך איבערגעגעבן אין רעשוס פון אירע דערינערונגען: „צוואַנציק יאָר—אַ שלאַנקער בוים—ווי גיך עס לויפן די יאָרן! ערשט ניט לאַנג איז מוישע אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר און זיי זיינען געזעסן אָפן גרינעם בערגל הינטערן שטעטל און געכאָלעמט וועגן קומענדיקן לעבן“. דער שאָלעמבאַיס איז פאַרפולט, און ניט נאָר באַ דער אַלטער פּאָר פאָלק, דאָסזעלבע איז אויך באַ די יונגע...

די גאַנצע דערציילונג איז דורכגעפּוילט געוואָרן מיט אָט דער טיפּיש-מעשטשאַנסקער אידיליע, מיט דעם עקלהאַפטן אורא-פּאַטריאָטיזם. אַלץ איז באַ אונדז אַזוי גוט, די אָרדענונג אַ מוסטערהאַפטע, די באַדינגונגען פון אַרבעט—אויסערגעווייטלעך-היגיעניש, מיט וואַרעמע און קאַלטע דושן... רעדט דער אַווטאָר וועגן קאָאָפּעראַציווו—איז דאָ אַ זעלטענע מוסטער-אָרדענונג. אָט ווי אַזוי וואָלפמאַן שילדערט אונדזערע אָטשערעדן: „נאָר וואָס ווייטער די רייען רוקן זיך פאָרויס, אַלץ מערער קומען צו פון הינטן נייע און נייע קוינים. אַ לעבעדיקער שטראָם פון הונדערטער מענטשן ציט זיך, באַוועגט זיך און שטעלט זיך ניט אָפּ. זיי האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי און אָפּגעאָטעמט פון אַרומיקן גערויש און געטומל“...

יעדער ארבעטער אין דערהויפּט אַרבעטערקע, וואָס פאָטערט אַוועק איר צייט און נערוון אין אונדזערע רייען. דאַרף זיך לערנען באַ וואָלפמאַנען פאַרשטיין אונדזערע רייען און זייער ווירקונג אַף דעם געזונט. לאָזט זיך אַרויס, אַז די אַרבעטער דאַרפן גאָר ניט פאָרן אָפּרוען אין די וועלדער, זיי קענען זיך דורכגיין אַף אַ פּאָר שאָ אין טאָג אין די רייען, זיי וועלן דאָרט אָפּעטעמען „פון אַרומיקן גערויש און געטומל“.

מע קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן עקלהאַפטן געפיל קען און וועט אַרויסרופן באַ אַן אַרבעטער-לייענער אַזאַ מארגאַרין-ליטעראַטור. ווער וועט גלויבן אין דערדאָזיקער געפעלשטער פלוידעריי! און אַף וויפל מע וועט ניט גלויבן, ברענגט אַזאַ דערציילונג בלויז שאָדן.

וואָלט דידאָזיקע דערציילונג געווען די איינציקע, וואָלט ניט געלוינט אַף איר אָפּצושטעלן זיך אַזוי ברייט. אַ פּאָר שורעס און פאַרענדיקט מיט אַזאַ מין „ליטעראַטור“. האָט אָבער דער ווייסרוסישער מעלוכע-פאַרלאַג אונדז מעזאַקע געווען מיט נאָך אַזאַ מין שאַלאַכמאָנעסדיקער ליטעראַטור.

עליע סאַוויקאָווסקיס פּיעסע „ערדלינג“ איז פון דעמזעלבן מין, וואָס וואָלפמאַנס דערציילונג. זי איז געבויט געוואָרן לויט דעמזעלבן טראַפּאַרעט, ווי עס ווערן געבויט אַלע באַנאַלע „מעלאָדראַמעס“ פון גאָר אַמאָליקן שטייגער, דאָס איז פון ערגסטן מין אַן אַגיטקע.

„ערדלינג“ איז אַ פּיעסע פון יידישע דאָרפליים, וואָס האָבן נאָך פאַר דער צאַרישער מאַכט געהאַט ערד, זיינען אָבער פון דער ערד אַראָפּגעטריבן געוואָרן, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קרעמער, און די ראַטנמאַכט האָט זיי אומגעקערט צוריק צו דער ערד. דידאָזיקע „נייע“ טעמע, וועגן וועלכער מע האָט שוין אַזויפיל גערעדט און געשריבן און וועלכער סאַוויקאָווסקי האָט אונטערגעטראָגן מיט דערזעלבער פרישקייט, וואָלט ניט געהאַט דעם זיבעטן יידישן כיין, ווען דאָ וואָלט געפעלט די יידישע קורסיסטקע, וועלכע מע האָט אַרויסגעטריבן פון פּיטערבאַרג, ווייל זי איז אַ זשידאָווקע, און אַן עקסטערניק, וועלכער האַלט אויס אַף גאָלע פינפן, נאָר מען לאָזט אים נעבעך אין גימנאַזיע ניט.

די צווייטע העלפט פון דער פּיעסע קומט שוין פאָר אין דער צייט פון ראַטנמאַכט. אין דאָ וועט מען דאָך דאַרפן האָבן אַ פּאַרטיזאַנער, אַ קומענדיקע סאָוועטישע טוער, אַ

יידישע אָרגאַנאַמען, גרייט עס צו סאָוויקאָווסקי פֿון פֿריער: האָט ער פּויערים, וואָס דער פֿאָרעץ באַראַבעוועט, האָט ער אַ יוזעף, אַ גאַי—אַן אויהעוו-יעסראָעל, וואָס צינדט אונטער דעם פֿאָרעץ דערפֿאַר, ווײַל ער האָט אַרויסגעטריבן די יידן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די פּויערים ווערן שפּעטער פּאַרטיזאַנער און יוזעף זייער אָנפֿירער. פֿאַרשטייט זיך, אַז דערדאָזיקער יוזעף ווערט שפּעטער דער גויעל-יעסראָעל און ער קומט דאָס אָנזאָגן די יידן וועגן דעם ערד-דעקרעט, און קעדיי עס זאָל זײַן נאָך שטאַרקער און „אינטערעסאַנטער“, פֿאַרליבט זיך יוזעף אין אַ יידישער פּויערטע. וואָלט דאָס אַלץ נאָך געווען עפּשער צו דערליידן, ווען דאָס וואָלט געווען כאָטש קינסטלעריש געמאָלט. איז אָבער דער אומגליק, וואָס דאָס איז מאַמעש אַראָפּגעשריבן פֿון אַ קינאָ-בילד.

די קורסיסטקע ווערט אַ דאָקטערקע און קומט אַרבעטן אין יידישן דאָרף, און דער עקסטערניק ווערט אַ יידישער אַגראָנאָם.

ווי איר זעט,—אַלץ פֿײַן, שיין, איידל, קיין שום דראַמאַטיזם, אַלץ און אַלע גייען אַרויס טרוקן פֿון וואַסער. מיט איין וואָרט, צוגעשניטן און אויפֿגעניית.

נאָר דאָס איז גאָרנישט אַנטקעגן דער אידילישער לײַכטקייט, מיט וואָס עס ווערן געשילדערט בײַ סאָוויקאָווסקין אַלע געשעענישן. גייט אַ בירגערקריג, איז מאַמעש אָן איין קאָרבן מיצאַד פֿון די רעוואָלוציאָנערן, און טאָמער טרעפֿט שוין אַן אומגליק און אַ פּאָר צענדליק באַנדיטן מיט זייערע אָנפֿירער פֿאַלן שוין אָן אַף ליובען (אַ יידישע דאָרפֿישע מיידל, שפּעטער אַ קרעמערקע, און גאָר שפּעטער קאָמענדאַנט פֿון שטאַב פֿון די אויפֿשטענדלער. אַ פֿײַנע און דערהויפּט עמעסדיקע מעטאַמאָרפֿאָזע) איז, פֿאַרשטייט זיך, אַז עס קומט „ער“, דער העלד, יוזעף און ראַטעוועט זי אַרויס פֿון אונטער דער מערדערישער האַנט פֿון אַטאַמאַן.

מיר ווייסן זייער גוט, ווי שווער עס קומט אויס די צורוינירטע יידן צו באַזעצן זיך אַף ערד, ווי שווער עס איז אײַנצואָרדענען זיך, וויפֿל צאָרעס מע האָט ביזוואַנען מע דערשלאָגט זיך צו עפּעס. בײַ סאָוויקאָווסקין איז אַלץ גרינג און אַלץ גוט. בײַ סאָוויקאָווסקין זײַנען די יידן, וואָס גייען אַף ערד, שוין די פֿרייד אַליין. נאָך איידער עס איז באַשאַפֿן געוואָרן אַ באַזעסענער קאָלעקטיוו איז שוין דאָ די פֿאַבריק, וואָס נעמט דעם שעפֿטום איבערן קאָלעקטיוו. און אַז עס ווערט שוין אַ קאָלעקטיוו, איז דאָרט מאַמעש אַ גאַניידן: פֿאַרשטייט זיך—אַ טראַקטאָר, אַ קעזקאָכערײַ, אַ שעפֿע פֿון מילך, אַלע מאָל און שטענדיק אויסגעצייכנטע וועטערן און זעלטענע גערעטענישן. הײַנט עפּל—דער עמעסער „נאַליוו“ און דער בעסטער „ראַניעט“. און באַרנעס—ניט אַנדערש, ווי סאַפּיזשאַנקעס... מיט איין וואָרט, דער קאָמוניסטישער גאָט איז אויך אַ גאָט.

הײַנט ווער רעדט שוין וועגן אינעווייניקסטן לעבן אין קאָלעקטיוו, דעם לעבן צווישן די יידישע און ניט יידישע פּויערים—ניטאָ קיין סימען פֿון רײַבונגען, אַלץ איז אַזוי גוט, אַזוי אויסגעהאַלטן, אַזוי באַוווסטזיניק.

און וואָס וואָלט ווירקלעך געווען, אַז אָט דידאָזיקע פּיעסע, ראַכמאָנעליצלאַן, וואָלט מען אַוועקגעשטעלט אין אַ יידישן קאָלעקטיוו, וואָס וואָלטן געטאָן די יידישע פּויערים פֿון די יידישע קאָלעקטיוון? אויב זיי וואָלטן ניט אַראָפּגעטריבן די אַקטיאָרן פֿון דער בינע, וואָלטן זיי געווען שטאַרקער, ווי אײַזן. ווײַל... איך ווייס ניט, אויב סאָוויקאָווסקי ווייס, וואָס עס טוט זיך אין אַ יידישן דאָרף, אין אַ יידישן קאָלעקטיוו, אָבער זיי ווייסן דאָך אויסגעצייכנט, אַז עס איז גאָר ניט אַזוי גרינג, גאָרניט אַזוי גלאַטיק איז אַלץ, ביזוואַנען מע שטעלט אײַן די ווירטשאַפֿט, ביז עס זינגען זיך צונויף צווישן זיך די מיטגלידער פֿון קאָלעקטיוו, ביז מע נעמט אַראָפּ אַ גערעטעניש.

אַזאַ לאַקרעץ-זיסע ליטעראַטור דאַרפֿן מיר ניט האָבן. ניט נאָר זי גיט גאָרנישט, נאָר זי שלאָגט אָפּ דעם אַפּעטיט פֿון דער ברייטער מאַסע צו אַ געדרוקט וואָרט. אַזאַ געפֿעלשטער אָפּטימיזם ברענגט קײַן נוצן ניט, ער ברענגט גרויס שאָדן, ווײַל ער רײַסט אונטער דעם צוטרוי צום געדרוקטן וואָרט.

ס. זשוקאָווסקי.

# א מוסטער פֿון סאָציאַלער באַשטעלונג.

(וועגן אַלבערטאָנס „ביראָבידזשאַן").

אַלבערטאָנס נײַ ווערק איז זיכער איינס פֿון די אינטערעסאַנטסטע אין דער נײַסטער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור און פֿאַרלאַנגט מע זאָל דערצו צוגיין ניט בלויז פֿון ריין קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. ניין: מע באַדאַרף עס אײַנפֿלעכטן אינם גאַנצן פּראָצעס פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור-עוואָלוציע. אין איטלעכער ליטעראַטור זײַנען דאָך פֿאַראַן אַזעלכע ווערק, וואָס פֿאַרמאָגן—אומאָפּהענגיק אַפֿילע פֿון דער מאָס קינסטלערישקײַט זייערער—אַ באַשטימטע היסטאָרישע סימפּטאָמאַטישקײַט. אַלבערטאָנס „וועג-אײַנדריקן"—זײַנען, בעלישום סאָפֿעק, פֿון דעם מין.

ניט דאָ איז, נאַטירלעך, דאָס אָרט צו פֿאַנאַנדערקלײַבן אַלע ספּעציפֿישע אייגנטימלעכקײַטן פֿונם סאָוועטישן ליטעראַטור-פּראָצעס לעגאַבע דעם אַנטוויקלונג-גאַנג פֿון די אַנדערע ליטעראַטורן. איינס אָבער—וואָס האָט אַ דירעקטע שײַכעס צו אונדזער איניען, צו אונדזער אויסגאַנג-פּונקט באַם באַטראַכטן אַלבערטאָנס אוקעדוימע ווערק—מוז דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן: דאָס איז די פֿאַרשנעלערונג—צוליב אַ ריי סיבעס נאַטירלעך—פֿון אַלע פּראָצעסן און טעמפּן אין דער אַלפֿאַרבאַנדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס, וואָס באַ די פֿריציִשע ליטעראַטורן האָט געדויערט צענדליקער יאָרן—די זאַמלונג פֿונם לעבנשטאָף, זײַן ווילפֿלמאָליקע קינסטלערישע פֿאַרקערפּערונג און באַאַרבעטונג אָפֿן וועג צו די מאָנומענטאַלע, קלאַסישע קונסט-ווערק א.ד.ג.—דאָס אַלעס רײַפֿט באַ אונדז מיט אַ שנעלערן טעמפּ.

דער ערשטער טאַם, פֿאַרוואָס דאָס איז באַ אונדז אַזוי—איז קוידעמקאָל דער פֿאַקט, וואָס דער הויפּט-טרעגער און באַוועגער פֿון אונדזער גאַנצן קולטור-פּראָצעס אין לאַנד איז דער קרעפֿטיקסטער, קרעפֿטן-רײַכסטער קלאַס אין דער וועלט,—דער מאַכט-האָבנדיקער פּראָלעטאַריאַט. דער צווייטער טאַם דערצו איז, זיכער, דער פּלאַנמעסיקער, סאָציאַליסטיש-ראַציאָנעלער כאַראַקטער פֿון אונדזער גאַנצער בויונג, בעטויכעם—אויך אָפֿן ליטעראַטור-געביט. מע קען האַלטן אָדער ניט האַלטן פֿונם טערמין „סאָציאַלע באַשטעלונג". מע דאַרף אָבער זײַן אַן איינפֿאַכער קונילעמל אָפּצולייקענען די סאָציאָלע דאמינאנטע אין אונדזער גאַנצן איצטיקן לעבן, אין איטלעך ווינקעלע פֿון אונדזער ריזיקן, וועלט-היסטאָרישן, שעפֿערישן ברוך!

יאָ: מיר—דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטייט מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען באַ דער מאַכט און בויט—מיט נאָך גרעסערע: קעגן אַ גאַנצער וועלט פֿון סאָנים!—די נײַ קאָמוניסטישע קולטור—באַדאַרפֿן ווי אין לעבן, אונדזער ליטעראַטור זאָל ניט אָפּשטיין. אַ קונסט. אַ לעבעדיקע, אַ קרעפֿטיקע, אַן אַקטועלע באַדאַרפֿן מיר האָבן, זי זאָל אונדז, אָפּשפּיגלענדיק דאָס לעבן, לערנען צו דערקענען עס, צו אָריענטירן זיך דערין, צו רעאַגירן דערויף אין דער נייטיקער ריכטונג. ניט קײַן שפּילעכל אויס אומעט וועגן, ניט קײַן „טרייסט מיט גראַמען" — נאָר אַ לעבעדיקע, אַ פֿולבלוטיקע, אַ מוטיקע, אַ רעוואָלוציאָנערע קונסט באַדאַרפֿן מיר האָבן. מיר—דער פּראָלעטאַריאַט, צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע מענטשן—באַדאַרפֿן זי האָבן, האָבן זי שוין אָנהויבוויַיַז, און—ווילן זי האָבן! וואָרעם: געגנערט פֿון די טיפֿסטע, מעכטיקסטע קוואַלן—הויבן מיר זי אָן צו בויען ראַציאָנעל. און געפֿעלט עמעצן ניט דער באַשטעלער—איז ניט אונדזער שולד...

צײַט אַרײַנצוברענגען אין דער ליטעראַטור-פּאָליטיק און ליטעראַטור-קריטיק—לעניניסטישן גײַסט. וועט דער לאָקאָמאָטיוו פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור גיין מיט נאָך אַ שנעלערן טעמפּ!

## די אַקטועלקײַט־פּראָבלעם אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן מיט דער „פֿאַרשפּעטיקונג-טעאָריע" בענויגייע צום קאָמוניזיר-טעמפּ פֿון די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן—בענויגייע דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע, איז עס אַ היסטאָרישער פֿאַקט אַז די טײלווײַזע „פֿאַרשפּעטיקונג" לעגאַבע דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור: וואָרעם, ווען מיר זעען דאָ קימאַט פֿון די ערשטע שריט אָן (איינעם פֿון די ערשטע פּרוּוון, אויב ניט דעם ערשטן, האָט דאָ געמאַכט דאַווקע אַן אויסלענדער—דזשאָן ריד—אין זײַנע אומשטערבלעכע „צען טעג" א. א. וו.) אַ מענגע פֿאַרצייכנטן שטאָף: צי אין דער פֿאָרם פֿון קינסטלערישע סקיצעס, צי אין דער פֿאָרם פֿון קונסטמעסיקע זשורנאַליסטישע פֿאַרצייכענונגען און פֿעליעטאָנען — האָבן מיר אין דער נאָכאָקטיאַברישער ייִדישער ליטעראַטור די אַלײנהערשונג פֿון דער דיכטונג קימאַט אַזש ביזן 22-טן יאָר. און האָט זיך שוין יאָ אָנגעהויבן צו באַווײַזן פּראָזע—איז אויך אַלץ מיט אַ באַשטימטער צײַט-דיסטאַנץ לעגאַבע דעם געשילדערטן שטאָף: די הויפּט-טעמע איז דאָ אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע.

נאַטירלעך: אַ געוויסער אָביעקטיווער גרונט איז דערצו געווען, און דערבײַ אַזאַ, וואָס שטאַמט פֿון דער עצם טעווע פֿון קונסט: קונסט איז דאָך ניט קיין פֿאָטאָגראַפֿיע און פֿאָדערט, קעיאָרוע, סינטעז. און סינטעזירן פּראָצעסן מיט דערשײַנונגען, וואָס קומען פֿאָר האַרט פֿאַר די אויגן, איז אַן אויסערס-שווער שטיקל אַרבעט! דאָך זײַנען, מינאַסטאַם, געווען אויך סובייעקטיווע אומשטענדן, וואָס האָבן גורעם געווען דידאָזיקע דיסטאַנץ, דידאָזיקע אָפּוועזנהײַט פֿון צײַטמעסיקן שטאָף אַפֿילע אין דער פּרימיטיוו-קינסטלערישער פֿאָרם אין דער דעמאָלסטיקער ליטעראַטור. באַדײַט עס—אַז דער דעמאָלסטיקער שטאָף איז אינגאַנצן פֿאַרלאָרן געגאַנגען פֿאַר דער קונסט?

פֿאַרשטייט זיך — אַז ניט: טאָלסטאָי האָט פֿאַרקערפּערט דאָס „צוועלפֿטע יאָר" מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער, און דאָסגלײַכן וועלן אונדזערע קינסטלער קיינמאָל ניט פֿאַרלירן די געלעגנהײַט צו פֿאַרייביקן אונדזער „קריג און פֿרידן". אָבער בײַ דער אָנוועזנהײַט פֿון קינסטלעריש-אָנגעזאַמלטן בעשײַטע אָביעקטיוון שטאָף—וואָלטן דאָך די מעגלעכקײַטן געווען נאָך זיכערער!

יאָ: ס'אַ היסטאָרישער פֿאַקט, אַז אינם גאַנג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז די ערשטע עטלעכע יאָרן געווען אַן ערנסטער בלויז לעגאַבע דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

ווי האַלט עס איצט אין דעם פּראַט אין דער ייִדישער ליטעראַטור?

אַפּאַניִם, אַז נאָרמאַלער. אײנצײַטיק מיט ווערק, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר מער אָדער ווייניקער פֿאַרענדיקטע קינסטלעריש-פֿאַרגאַנצטע פּרוּוון צו פֿאַרקערפּערן באַשטימטע אַקטועלע פּראָצעסן און טיפּן—הויבן זיך אָן די לעצטע צײַט צו ווײַזן קינסטלערישע שטאָף-פֿאַרצייכענונגען מיט אַן ערנסטן געוויכט. און דער גלענצנדיקסטער מוסטער פֿונם דאָזיקן מין איז בײַ אונדז זיכער אַלבערטאָנס „בירא-בידזשאַן". און צו פֿאַרדאַנקען האָבן מיר אַט דעם שאַרפֿן קינסטלערישן אינסטינקט, אַט דעם קרעפֿטיקן סאָציאַלן פֿאַרשטאַנד, אַט דעם דורשטיקן לעבן-נײַגער, וואָס האָבן אַ טרײַב געטאָן דעם קינסטלער—דעם פֿאָלק-מענטש דאַווקע אַהערצו, דאַווקע צו די קוואַלן, צו די ערשטע טריט—צו די ערשטע אין בוכשטעבלעכסטן זין!—פֿון אַ מעכטיקער דערהויבנסטער פֿאָלק-באַוועגונג.

אַי, סע פֿעלט דאָך נאָך דאָ די דיסטאַנץ, די פּערספּעקטיוו? איז לאַוו דאַווקע: „דער פּאַפּאָס פֿון פּערזענלעכער אומיטלבאַרער באַרירונג מיטן גרויסן היסטאָרישן אָנהויב וועט קאָמפּענסירן די אָפּוועזנהײַט פֿון דער אָביעקטיווער געשיכטלעכקײַט". קינסטלערישע סינטעזן פֿון פֿאַראַלגעמיינערטן שטאָף: סינטעטישע רעטראָספּעקציע; צאַפּלדיקער שטאָף מיט אַ סאָציאַלער פּערספּעקטיוו—איז דער געבאָט פֿון עכטער, אַקטועלער קונסט. „פּיאָדאָר זובקאָוו" האַנט בײַ האַנט מיט „ביראָבידזשאַן".

ברייטע פֿלייצעס!

## די פֿאָרם־פּראָבלעם אין אַלבערטאָנס „ביראָבידזשאַן".

„בירא-בידזשאַן" איז באַשיידן באַצייכנט, ווי „וועג-אײַנדריקן". איז אַפֿילע, ווען מיר זאָלן האָבן צוטאָן מיט געוויינלעכע זשורנאַליסטישע וועג-אײַנדריקן, וואָלט עס אויך געווען אַ וויכטיקער אויפֿטו: פֿאַרצײַכענען דעם וועג קיין ביראָבידזשאַן און די ערשטע ראַנגלענישן דאָרטן אָפּן אָרט פֿאַר אַ נײַ פּראָדוקטיוו לעבן. איגדערעמעסן אָבער האָבן מיר

צוטאָן מיט אַזעלכע פֿאַרצייכענונגען, וואָס זייער קינסטלערישער פֿאַרנעם און פּערספּעקטיוו זײַנען, זיכער, ברייטער און דויערהאַפֿטיקער פֿאַרן געוויינלעכן זשאַנר וועג-נאָטיצן. אַ דאָפּלטער באַווײַז פֿאַר די ביידע מעגלעכקײַטן פֿאַר אונדזער קינסטלער... איינצײַטיק איז עס אויך גראַדע אַזאַ ווערק, וואָס גיט אַ מעגלעכקײַט אָנצוטאַפּן אַ ריי נײַע פּערספּעקטיוון אינס שעפֿערישן געמיט פֿונם יונגן קינסטלער.

דאָס ערשטע און, נאַטירלעך, וויכטיקסטע, וואָס סע וואַרפֿט זיך גלײַך אין די אויגן שוין פֿונם ערשטן קאַפּיטל אָן — איז די האַרמאָניע — און ערטערווײַז זעלטענע צווישן דער קינסטלערישער פֿאָרם און געשילדערטן שטאָף.

„גאָרניט פֿון טיכאָנקע און ניט פֿון סטאַנציע בירע הויבט זיך אָן בּיראָבּידזשאַן. בּירע-בּידזשאַן הויבט זיך אָן פֿריער: בײַ איינקע אין אירקוטסק, אין נאָוואָסיבּירסק, פּענזע און בײַ אַ פֿולע—גאָר פֿון אַ סטאַנציע פֿון זייער שטעטל". נאָר אונדזער קינסטלערישער מיטוואַנדערער הויבט אָן בּירע-בּידזשאַן — און מיט רעכט—„נאָך אינדערהיים". דערבײַ דינט עס דערדאָזיקער „בּיראָבּידזשאַן" פֿאַר אַ מיטל צו ווײַזן די „היים"—סײַ אינדערהיים, סײַ „אין וואַגאָן", סײַ אינם עמעסן בּיראָבּידזשאַן גופֿע, האַגאַם דאָ וועט זיך די פֿאַרהעלטעניש צווישן די קינסטלערישע באַלויכטונג-פּונקטן, נאַטירלעך, נעמען ענדערן.

איז ווער זשע איז עס דידאָזיקע היים?

קאַסרילעווקע, האַגאַם ניט מיט אַלע פּישטשעווקעס און „האָסאָגעס" אירע: מיכל דער מולער און קיילע זײַן פּלויניסטע;

כאַים פּוסטעלניק „וואָס זײַן גאַנצע קראָם, ווען ער ציקעט אויס אַף לאַאַכאָדים איבער די יערידים, וואָלט אים אַרײַנגעבראַכט בעפּיירעש ניט ווייניקער פֿון פֿיר טשערוואָנצעס מיט אַ זעקס קאָרבן און עפּשער נאָך מער".

כאַים מיטן בלינדן אויג, „וואָס קיינער האָט זיך אַף אים פֿריער ניט געוואָלט אומקוקן אין שטעטל".

יאַנקל דעם ליוועראַנטס באָכערל;

באָרעך שקראַב, „וואָס פֿאָרט נאָר דערפֿאַר, וואָס אַלע אין טעפּליק האָבן געשריען, אַז באָרעך וועט ניט אָפּלאָזן דעם זאַוואָד פֿון סעלצער-וואַסער און זיך לאָזן אין אַזאַ מערכעק אַרײַן";

סימכע, „וואָס האָט שוין איבערגעדינט אַלע אַווידע-זאָרעס", ער איז שוין אַפֿילע געווען אַ פֿאַריין-מיטגליד „נאָר ס'איז אים שווער ברענגען צו אַ טאַכלעס זײַנע זעקס כלאָפּקעס";

צאַדעק שטופּער, דער זאַיקע מיטן פֿויגלאַרטיקן געזיכט—דער היציקער יונגערמאַן אין אַ ספּעק-קאָסטיום"!

שמועל סקווירער—„אַ פֿאַרנעם אין שטאָט": שוין געווען אַפֿילע „אַ שטיקל סעקרעטאַר און אַ שטיקל קורייער אין שטעטל ראַט" און לעסאָף געוואָרן אַ טעסלער;

זעליק דער שוסטער, וואָס ווייסט פֿון אַלסדינג שוין פֿון פֿריער";

זכאַריע דער קיעווער פּאָעט, „וואָס זאָגט, אַז ער קען פֿאַר אַ טאָג מאַכן הונדערט לידער און פֿאַר אַ נאַכט—דרײַ דראַמעס";

פֿרויקע ליימאַרניק מיטן „ספּראַוואָטשניק", ווו ס'איז פֿאַראַן פֿון קאָלטווו א.א.ו.א.ד.ג. אַגעוו, דערדאָזיקער „פֿרויקע פֿאַרשטייט עטוואָס אין אייער. ער האָט אַ שוואָגער האַנדלט ער מיט אייער, פֿאַרשטייט שוין פֿרויקע אויך אין דער זאַך. ווייסט, אַז איין איי זעט זיך אַזוי ניט אָן. נאָר איין איי לייגט זיך צו צום אַנדערן און סווערט אַ פּאָרל. נאָכדעם ווערט פּאַמעלעך אַ צענדליק. די צענרליקער לייגט מען צונויף ווערט אַ מייע. און אַזוי נאָך און נאָך, ביז מע לייגט צונויף עטלעכע קאַסטנס אייער. דעמלט טוט מען זיי אַ שיק אַוועק מיט דער שיף. דאָרטן איז שיפֿן פֿאַראַן ווי זאַמד אין יאַם. און מע פֿאַרדינט דאָס שיינע קערבל. און אַז מע וויל גאָר צואַקערט מען נאָך עטלעכע דעסיאַטין ערד. מע טוט אַ שטעל אַוועק עטלעכע שטיקלעך בעהיימעס און מע פֿאַרדרייט אַזאַ קאַרבע, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אָנקוקן און מעקאַנע זײַן". (זײַט 46). געוויס, אין אַלבערטאָנס שטאָפּרײַכע פֿאַרצייכענונגען זײַנען פֿאַראַן אויך ניטיידישע וואַנדערער, רויטאַרמייער, טאָטערן, סיבירער פּויערים, פֿרויען; ווידער אין בּירע-בּידזשאַן גופֿע—נײַע סאָוועטישע יוגנט אין די צוויי „קאָמונעס": אַפֿילע ראַשקעס, מערעזשין—„מאַראַשקעס" אַפֿן איבערוואַנדערער-לאָשן—די אַגראָנאָמען א.א.וו. געוויס: דער טיפּאַזש פֿונם שטאָפּרײַכן בוך ווערט ניט אויסגעשעפּט מיט קאַסרילעווקער פּאַרשוינען, אָבער דעם הויפּט-העלד פֿונם מערקווירדיקן מאַרשרוט בילדן דאָך פֿאָרט די „קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע האָסאָגעלעך". אַפֿילע דער באַרימטער „זאַגראַניטשנער" זייגער, וואָס איז ערשט אַרויס פֿון לייווי דעם זייגערמאַכערס הענט (צו אים קײַן

סקוויִרע פאָרט מען פון אומעטום פאַריכטן זייגערס)—איז אויך אַרייַנגענומען געוואָרן אין קאָן אַרייַן!

יאָ: קאַסריִלעווקע איז „אין וואַגאָן“, אָבער ניט אַמעריקע, נאָר קייַן „ביִבעדזשאַן“.

דערדאָזיקער קאַפּיטאַלער—פאַר דער אָפּשאַצונג—פאַקט „איז בעשום אויפן ניט קייַן רעזולטאַט פון אַ וועלכער ס'ניט ליטעראַריִשער איִנערציע אָדער נאָכמאַכונג. דער מענטשן-מאַטעריִאַל, וואָס האָט געדיִנט שאָלעם-אַלייכעמען פאַר אַן אָביעקט פאַר געניִאַלע קיִנסטלעריִשע פאַרוואַנדלונגען, איז, פאַשעט, נאָך ניט פאַרשווונדן געוואָרן אויך פון דער סאָוועטיִשער וויִרקלעכקייַט צוליב קאַמע טייַמים. און אַ רײ פּראָצעסן און פאַקטאָרן זייַנען אויך דאָ אָפּט גוירעם צו געוויִסע רעסטאַווראַצעס“.

איז דען ניט מייטאַמע טאַקע מיכאָעלס געניאַלע סינטעטישע קלאַסיק—אַקטועל, האַגאַם דאָס שליסט קלאַל ניט אויס קייַן ערנסטע טעאַטער-קריזיסן...

אומבאשטרייַטבאַר: איטלעכער פּרווו אויסצומייַדן דעם „קאַסריִלעווקער“ עלעמענט באַ דער קיִנסטלעריִשער פאַרקערפּערונג פון דער איבערוואַנדערונג—וואָלט געווען אַ פאַלסיפיקאַציע: לעבן-אָביעקטיוויקייַט איז לעבן-אָביעקטיוויקייַט! פאַרקערט: דאַווקע דער דאָזיקער קאַסריִלעווקער עלעמענט אין אַלבערטאָנס בוך ווייַזט, אַז מיר האָבן צוטאָן ניט מיט קייַן איִנערציע!

קוים אָבער האָט אונדזער קיִנסטלער אויסגעוויילט פאַר איינער פון זייַנע פאַרוואַנדלונגען און באַלייכטונגען קאַסריִלעווקע „אין וואַגאָן“ קייַן ביראָבידזשאַן*)—אַזוי גלייַך איז פאַר אים אַנטשטאַנען די פּראָבלעם פונם אַנטשפּרעכנדיקן קיִנסטלעריִשן מעטאָד. און דאָ האָט אים גלענצנדיק אָריִענטירט שאָלעם אַלייכעם. אָט פונקט ווי דאָס האָט פאַסירט—האַגאַם מיט אַן אַנדער פּראָפּאָרץ—מיט קיִפּניִסעס „כאַדאָשים און טעג“. נאָר דאָ איז אָבער פאַראַן זייער אַ וויכטיקער פּריִנציִפּיעלער אונטערשייד, הייַנט: באַ שאָלעם-אַלייכעמען איז דער הומאָר ניט נאָר קייַן קיִנסטלעריִשער מעטאָד, נאָר אויך אַ וועלט-אָנשויונג, אַ פילאָזאָפיע און סאָציִאַל-גענומען—זיכער אַ קליינבירגערלעכע. באַ קיִפּניִסן איז זייַן שילדער-מעטאָד אויך אַ שטיק אידעאָלאָגיע. באַ אַלבערטאָנען זשע שטאַמט דער הומאָר פון גאָר אַן אַנדערן סאָציאַלן יִיכעס!

ווי די מייסע זאָל ניט זייַן: צוויי סאָוועטישע יִידישע קיִנסטלער—און ניט פון די לעצטע!—זייַנען אָריִענטירט געוואָרן און געלונגען!—דורך שאָלעם אַלייכעמען!

איציק פעפער: שיקט דאָס צווייטע בריוול דעם געניאַלן אומשטערבלעכן פאָלקדיכטער!..

ווי שטאַרק ס'איז אין אַלבערטאָנס בוך דער שאָלעם-אַלייכעם-עלעמענט—איז צו זען אַפילע פון די ענלעכע שפראַכן-פאָרמעס. אייניקע בייַשפילן פון דעם מין:

„פייַוויש דער רויטער שטייט ווי אַ גוילעם מיטן האַמער אינדערלופטן און קוקט; ווי אַ גוילעם שטייט ער און קוקט“;

—„מייַנע האָט מיר פאַרגרייט אַפן וועג געהאַקטע פיש; כ'האָב זייער ליב געהאַקטע פיש, האָט זי מיר פאַרגרייט“;

— „ער (דער פאַרוואַלטער ס. זש.) מיינט, מיר זייַנען גלאַט איבערוואַנדערער, גלאַט איבערוואַנדערער—וויל ער אונדז באָדן. יע, ניט דאָס. מיר פאָרן קייַן בירע-בידזשאַן, פאָרן מיר, און ער וויל אונדז באָדן דער פאַרוואַלטער“.

— „ראָזע האָט ניט ליב; אַז מע רעדט פון איר און מע מישט זיך אַרייַן אין קאָן אַרייַן. און אַז זי ווערט בערויגעז—ראָזע—פאַרויטלט זי זיך און באַהאַלט די קליין אַפן פּאָנעם. נאָר די אונטערשטע ליפּ, וואָס טאָרטשעט באַ איר צופיל אַרויס—הויבט אָן ציטערן. ראָזע האָט ניט ליב, אַז עס ציטערט באַ איר די אונטערשטע סטאַרטשענדיקע ליפּ און האָט ניט ליב, אַז מע קוקט דעמלט אַף איר“. דידאָזיקע צאָל ענלעכע שפּראַך-פאָרמעס וואָלט מען געקענט פאַרצענפאַכן.

אַ געלונגענעם מוסטער פאַר דער שאָלעם-אַלייכעם-אָריִענטירונג האָבן מיר איִנם קאַפּיטל—בריוו פון באַסין צו מיילעכן און פאַרקערט. נאַטירלעך: באַסי איז ניט אינגאַנצן שיינע-שיינדל, און דעריקער: מיילעך קלייַבט זיך ווערן אויס מענאַכעם-מענדל. ער טרוימט אפילע „מאַכן אַ וועלט נאָר גאָר מיטן גרויסן קאַנטשיק“. דאָס אַלעס אָבער שוין צוליב

*) איך שרייַב אונטער, אַז איִנם בוך איז פאַראַן אויך אַנדערע, ניט ווייניקער איִנטערעסאַנטער שטאָף.

דעם „די קינדער זאָלן שוין ניט דאַרפֿן פֿאָרן אַף די יאַרידים. מיט קלאָטשע און מיט הינער זאָלן זיי שוין ניט דאַרפֿן האַנדלען". און בּיקלאַל: אויב די סאָציאַלע און סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע פּערספּעקטיוו בּאַ שאָלעם-אַלייכעמען איז געגאַנגען דורך טעוויען צו מענאַכעם-מענדלען; איז בּאַ דער ראַטנמאַכט שוין אַ פֿאַרקערטער גאַנג: פֿון מענאַכעם-מענדלען, דורך טעוויען—צו פּערטשיקן און ווײַטער... און אין אונדזער מײלעכן הויבּט זיך שוין טאַקע אָן אַט די דאָזיקע פֿאַרוואַנדלונג פֿון מענאַכע-מענדלען. דערווײַל צו טעוויען. יאָ: מײלעך איז שוין ניט מענאַכעם-מענדל, און מײַטאַמע טאַקע מוז דער בּריוו-פֿאַרקער צווישן בּאַסין פֿונם כאַרעוון שטעטל און מײלעכן אין בּיראָ-בּידזשאַן האָבּן דעם שאָלעם-אַלייכעם-אַספּעקט! וואָרעם: שאָלעם אַלייכעם איז דער סטיל פֿון בּאַשטימטע סאָציאַלע דעפֿאָרמיר-פּראָצעסן בּאַם ייִדישן שטעטל. פּונקט ווי דער פּאָריקער, קלאַסישער בּערגעלסאָן איז דער דעפֿאָרמיר-סטיל פֿונם אונטערגעגאַנגענעם ייִדישן אַדל. אַלבּערטאָנס בּריוו איז ניט קײַן ליטעראַרישע אינערציע און ניט קײַן נאָכמאַכונג. אַלבּערטאָנס „בּריוו"—איז—געלונגען אָריענטירטע" קונסט.

נאָר דעם סאַמע גלענצנדיקן בּײַשפּיל פֿאַר דער שאָלעם-אַלייכעם-אָריענטירונג האָבּן מיר אינם שלוס-קאַפּיטל—„צוויי קאָמונעס". לעפּאָנים קען אויסדוכטן, אַז דאָזיקע בּענויגייע צו דעמדאָזיקן שטאָף איז נייטיק געווען אַן אַנדער פֿאָרם. אינדערעמעסן: די רייד איז שוין ניט פֿונם קלאַסישן שטעטלשן טיפּאַזש, ווי אין דאָס ראָוו פּאָריקע קאַפּיטלעך. דאָ האַנדלט עס זיך שוין וועגן סאָוועטישער יוגנט—בּעטויכעם אַזאַ, וואָס איז אָקאָרשט פֿון די פּעדטעכניקומס—וואָס בּויט אַ נײַ קאָמונעל לעבּן. יאָ: לעפּאָנעם קען אויסדוכטן, אַז מיר האָבּן שוין צוטאָן, אויב ניט מיט קײַן שאָלעם-אַלייכעם-אינערציע, איז מיט אַן אַלבּערטאָן-אינערציע... טראַכט מען זיך אָבּער גוט אַרײַן דערין, אַזוי דערשפּירט מען גלײַך די פֿולשטענדיקע געזעצמעסיקײַט פֿונם שאָלעם-אַלייכעם-עלעמענט אין דער בּאַלויכטונג אויך פֿונם דאָזיקן נײַעם שטאָף. עלע צום פּאָריקן הומאָר—וואָס ווערט דאָ צוליבּ פֿאַרשטענדלעכע טאַימים אַבּיסל אָפּגעשוואַכט—קומט דאָ צו די ליריק פֿון די ליכטיקסטע שאָלעם-אַלייכעם-קינדער-דערציילונגען!

ווער איז מענדל—דער פֿאָרזיצער פֿון דער קאָמונע—אויב ניט מאָטל-פּייסי דעם כאַזנס, וואָס איז אויסגעוואַקסן, אָנגעגאָסן זיך מיט האָרעפּאַשנער קראַפֿט און דערלאַנגט אַזש קײַן בּיראָבּידזשאַן?! און דער פֿינאַל מיט דער „שווייצאַרקע"—מיט מאָטלס קעלבּל מעני, וואָס האָט אויך צוזאַמען מיט אים דערלאַנגט קײַן „בּיראָבּידזשאַן" און, צום בּאַדויערן, אומגעקומען פֿאַר דער צײַט!

הײַנט ווער איז סימע, אויב ניט בּוזי פֿון „שיר השירים" (און ענלעכע ליכטיקסטע קינדער-דערציילונגען), וואָס איז אויך געוואַקסן, אונטערגעוואַקסן, געשטודירט אין פּעדטעכניקום און לעסאָף אויך אָנגעקומען קײַן „בּיראָבּידזשאַן?"

מאָטל פּייסי, בּוזי—שאָלעם-אַלייכעמס, ליבּסטע קינדער אין קושניראָווס „קינדער פֿון איין פֿאָלק" (ליטוואַקאָווס אָנווײַזונג), אין קיפּניסעס רירנדיקסטער דערציילונג „פֿון „בּאַדאַנעס פּאַפּירלעך"; אין אַלבּערטאָנס „בּיראָבּידזשאַן"—איזעס ניט די אַנטפּלעקונג פֿון די אינטימסטע היסטאָרישע פּראָצעסן פֿון אונדזער גאַנצן קולטור- און ליטעראַטור גאַנגבּוך—און סאָפֿקאָלסאָף אַדאַנק וועמען—אַדאַנק דער אינטערנאַציאָנאַלער דיקטאַטור פֿונם אַרבּעטער-קלאַס!

הײַנט, פֿאַרשטייט איר שוין—קוינימלעך. קליינשטעטלדיקע אינדיווידואַליסטן, פֿליאַסקעדריגעס פֿון „ריינער קונסט"—וואָס הייסט בּאַ דער דיקטאַטור פֿונם פּראָלעטאַריאַט סאָציאַלע בּאַשטעלונג?!

בּראַוואָ, אַלבּערטאָן!

---

האַלטנדיק פֿאַרן וויכטיקסטן אין „בּיראָבּידזשאַן" דעם שאָלעם-אַלייכעם-עלעמענט—האָבּן מיר אַבּיסל לענגלעך זיך אָפּגעשטעלט דערויף, האַגאַם די גאַנצע צאָל נייטיקע אילוסטראַציעס-אַרגומענטן פֿאַר אונדזער גרונט-געדאַנק, וועלכן מיר האַלטן פֿאַר אומבּאַשטרײַטבּאַר—האָבּן מיר מינאַסטאַם ניט בּאַוויזן צו בּרענגען. זײַנען מיר דעריבּער געצוואונגען מאַכן בּעקיצער בּענויגייע צו די אַנדערע פֿאָרמעלע עלעמענטן פֿון די מערקווירדיקע „וועג-אײַנדריקן": „בּיראָבּידזשאַן" ט'אָך ניט אַנטלויפֿן...

I. ליריק: אין אַ געוויינלעך שטאַרקערער מאָס, ווי אינם הומאָר, פֿילט זיך בּאַ אַלבּערטאָנען די ליריש אימפּרעסיע און די פּייזאַזש-שילדערונגען. זי איז אָבּער דאָ געלונגען פֿאַרמאַסקירט דורכן עפּישן אופֿן שילדערן.

שטיקער פּלאַסטישע ליריק, וואָס בעטן זיך אַפן לײַוונט!
ניט צופעליק אויך שליסט אַלבערטאָן אַ רײ קאַפּיטלעך מיטן ריטמישן בירא-בידזשאַן...

II. די לאָגיק, די אָביעקטיווע לאָגיק פונם אָביעקטיוון שטאָף, האָבן דעטערמינירט אַ רײ עקזאָטישע מאָמענטן: „דאָס שטיבל אין דער טײַגע"; „די מײַסע וועגן דעם בײַקאַל" א. ד. ג. צו שטאַמט אָבער ניט די דאָזיקע עקזאָטיק פון אַ טיפערן סוביעקטיון קוואַל? צי האָבן מיר דאָ ניט צו טאָן מיט אַ געוויסן, האַגאַם ווײַטן, רעמעז אַף באַשטימטע ראָמאַנטישע עלעמענטן אינם קינסטלערס געמיט?!

אַקטועלקײַט שליסט דאָך קלאַל ניט אויס קײַן באַשטימטע דאָזע ראָמאַנטיזם!

III. פּסיכאָלאָגיע. בעניגייע צודערצו הערשט נאָך אַ היפּש ביסל מעטאַפיזיק. יעדנפאַלס: אײַנשטעלן אַ טהאָם — ווו איטלעכער בריק איז אויסגעשלאָסן — צווישן קינסטלערישער, אימאַנענטער (אינערלעכער) פּסיכאָ-אַנאַליטיק און „אויסערלעכער" שטײַגער-שילדערונג — איז זיכער אַ טאָעס. מע קען זיך פאָרשטעלן אַ שילדערונג פון פּסיכאָלאָגישע צושטאַנדן, איבערלעבונגען און האַנדלונגען, ווו דער „מעכאַניזם", די באַוועג-קרעפטן און פּרוזשינעס זײַנען פונויבן, פונדרויסן, אינם שטײַגער. לייזט דאָך די מעכאַנישע באַוועגונג — אין אַ געוויסער מאָס — דעם ווידערשפּרוך צווישן רוים און צײַט; פאַרוואָס-זשע איז עס ניט געמאָלט אין דער קונסט? יאָ: דער „שטײַגערישער" פּסיכאָלאָגיזם איז פונקט אַזוי מעגלעך ווי דער „פּסיכישער" פּסיכאָלאָגיזם. אין אַלבערטאָנס בוך, באַזונדערס אינם אײַנפיר-קאַפּיטל — „נאָך אינדערהײם" — זײַנען פאַראַן געלונגענע פּרוון אין דעם פּראָט: מיכל דעם מולערס שטימונגען און איבערטראַכטענישן זײַנען אין אַ גרויסער מאָס „רעפלעקטירט" דורכן שטײַגער פונם „ענגן געסל".

IV. די קאָנסטרוקציע. דער שטאָף האָט דעטערמינירט (באַשטימט) די קאָנסטרוקציע: ניט קײַן ראָמאַנמעסיקע סוזשעטיק, ניט קײַן סיפּור-האַמײַסע, נאָר אַ „סיפּור" אָן אַ מײַסע, אָדער — אַסאַך מײַסעס. אָבער אַ רײ בילדלעך זײַנען נאָוועלנאַרטיק פאַרענדיקט, אַשטײגער — דאָס דערמאָנטע שוין ערשט קאַפּיטל. סע פילט זיך זייער די אינערלעכע מאָס, די שפּאָרעוודיקײַט, דער קינסטלערישער „סאָד-האַצימצעם".

V. פעלערן: „פישקע פאָרט אויך" — געהערט צום ציקל „נאָך אינדערהײם", נאָר סע פיגורירט צווישן די לעצטע קאַפּיטלעך. ווידער וואָלט מען געקענט ערטערווײַז קירצן. די שפּראַך איז ניט אומעטום גלײַכמעסיק געשליפן. פאַראַן אומבאַאַרבעטע שטיקער, אַפּאַנעם אויס אײַליקײַט.

אויספירן:

I. „בּיראָבּידזשאַן" אַלבערטאָנס איז אַ מוסטער-ווערק פאַר „וועג-אײַנדריקן". אַף וויפל ס'איז אין דער נאָכאָקטיאַברישער יידישער ליטעראַטור — דאָס ערשטע ווערק פון דעם מין — אַף אַזויפיל איז עס אַ היסטאָרישע דערשײַנונג. צײַט אײַנצובירגערן דעמדאָזיקן זשאַנר אויך בעניגייע צו אַנדערע געביטן, און קודעמקאָל — בעניגייע צום פּראָדוציר-לעבן. אין דעם פּראָט איז דאָך די לאַגע אַ שענדלעכע!

II. „בּיראָבּידזשאַן" האָט צוטאָן מיט די ערשטע טריט פון אַ גרויסער היסטאָרישער אונטערנעמונג. ווערט עס מיט טיפן אינטערעס און דאַנקבאַרקײַט אופגענומען ווערן דורך די קינפטיקע דורעס...

III. „בּיראָבּידזשאַן" איז אַ ווערק, וואָס זײַן קינסטלערישער און ליטעראַטור-היסטאָרישער ווערט איז ברייטער פאַר זײַן זשאַנר-פאָרמעסטונג.

IV. „בּיראָבּידזשאַן" איז אַ ווערק פון גרויסן באַטײַט פאַד דער ווײַטערדיקער קינסטלערישער עוואָלוציע פון זײַן מעכאַבער.

V. „בּיראָבּידזשאַן" איז אַ מוסטער-ווערק פון אַ סאָציאַלער באַשטעלונג אָן קײנע געגנדזן-פּיסלעך! — און אַף אַזויפיל — אַ גלענצנדיקע דעמאָנסטראַציע פאַר די גרויסע, זיגרײַכע קרעפטן פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

בראַוואָ, אַלבערטאָן!

# ביבליאָגראַפֿיע.

## כ. גילדין. „ברונעמס“. מעלוכע־פֿאַרלאַג פֿון אוקראַינע.

„ברונעמס“ איז אַ זאַמלונג דערציילונגען, וואָז יעדערע פֿון זיי שטייט קימאַט באַזונדער. לויט דער צײַט, וואָס זיי שפּיגלען אָפּ, קען מען די אַכט דערציילונגען טיילן אָף בירגערקריג און בויונג-פּעריאָד. לויט דער קוואַליטעט זײַנען די דערציילונגען געוויס ניט איינהײַטלעך. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס זײַנען אַן איבערגאַנג פֿון צײַטונג-פֿעליעטאָנען צו בעלעטריסטיק, אַנדערע, ווידער, פֿאַרמאָגן בוילעטע קינסטלערישע שטריכן.

אַמבעסטן זײַנען די דערציילונגען פֿונם אַרבעטער-לעבן. אין דיזאָזיקע דערציילונגען איז דאָ עמעס-דיקײַט און עס פֿילט זיך, אַז גילדין אָריענטירט זיך אינם מאַטעריאַל, וויס די פֿאַקטן, קען דעם מענטשן-מאַטעריאַל, פֿאַרמאָגט מער-ווייניקער דעם לעקסיקאָן פֿון דערדאָזיקער סוויווע. איך רייד דאָ וועגן די דערציילונגען „אַ לעוואַיע“ און „אָף נײַע רעלסן“. דעריקער סיילט זיך אויס די לעצטע מיט איר אינטערעסאַנטער טעמע—סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע—און די בוילעט-געצייכנטע אַרבעטער-פֿיגורן. די דערציילונג „אָף נײַע רעלסן“ איז ביכלאַל, לויט מײַן מיינונג, אַ קער-פּונקט אין גילדינס שאַפֿן, זי דערציילט, אַז גילדין באַהערשט גאָרניט שלעכט די רעאַליסטישע שילדערונג פֿונם אַרבעטער-לעבן און גייט צו נאָענט צו נעמען טיפֿערע איבערברוכן אין דערדאָזיקער סוויווע. עס איז ניט וויכטיק, וואָס דאָ איז ניט גאָר געלונגען אויסגעפֿילט געוואָרן דער פּלאַן פֿון שרײַבער. ווי מיר וועלן שפּעטער זען, ליידט נאָך דיזאָזיקע דערציילונג פֿון דיזעלבע גרונט-כעסרוינעס, וואָס האָבן אָוועקגעלייגט זייער שטעמפּל אָפֿן גאַנצן בוך. וויכטיק איז אָבער דער פֿאַקט, וואָס אין דערדאָזיקער דערציילונג פֿילט זיך ווייניקער אָנשטרענגונג, פֿילט זיך מער פֿרײַהײַט, איז בוילעטער דער שטריך, איז טיפֿער און קינסטלערישער די טעמע, איז רײַכער די שפּראַך. די פּרעטענציעס אָף פּסיכאָלאָגישער שילדערונג זײַנען אַביסל איבערטריבן, גילדינען האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אַנטפּלעקן קינסטלעריש נאַטעס—זײַן העלדס—געמיט-צושטאַנדן, אָנשטאָט באַווײַזן עס, דערציילט וועגן דעם גילדין—און דאָס איז אַ שלעכטער מעטאָד און אַ שלעכטער סימען אויך. דאָסזעלבע איז ניט גענוג בוילעט דער פּסיכאָלאָגישער שטריך אין דער נאָוועלע „אַ לעוואַיע“, וועלכע—די נאָוועלע—איז שוין אינגאַנצן געבויט אָף פּסיכאָלאָגישע צושטאַנדן. מיט פּסיכאָלאָגישער שילדערונג האַלט עס נאָך בײַ גילדינען ניט גאָר ווײַט.

אין דעם זין—אין זין פֿון פּסיכאָלאָגישן שילדערן—טיילן זיך פּאָזיטיוו אויס אַ פּאָר קאַפּיטלען פֿון דער דערציילונג „קוקורוזע“. דאָרטן איז ניט שלעכט און מיט קענטעניש, מיט פֿעיקײַט, געגעבן די דעטאַל, אָפּגעמאָלט די באַגעגעניש פֿון שולמאַנען און דעם באַנדיטישן אַטאַמאַן מאַכנאָ (4-טער קאַפּיטל). אומזיסט גאָר גיט זיך גילדין אָפּ מיט דעם צו באַווײַזן, אַז „קוקורוזע“ איז עפּעס אַ וווּנדערלעכע גערולע, עפּעס אַ מין „הייליקער אָרט“. איבעריק פּרעטענציעז און ניטעמעסדיק איז שולמאַנס איבערטראַכטעניש צי ער מעג לייפֿנדיק פֿון מאַכנאָען „איבערטרעטן איבערן מאַכנאָוועץ“—אין אַזעלכע מינוטן טראַכטן ניט קיין קאָמוניסטן-קעמפֿער איבער אַזעלכע „פּראָבלעמען“, וואָרום נעכטן האָבן דאָך דיזעלבע קעמפֿער ניט געשאַנעוועט דעם סוינע און די הענט האָבן בײַ אים ניט געציטערט בײַסן „איבערטרעטן“ איבערן סוינעס טויטן קערפּער...

אָף וויפֿל עס רעדט זיך שוין וועגן „קוקורוזע“—אַ דערציילונג פֿון בירגערקריג—איז פּאַר איין גאַנג אַ פּאָר ווערטער וועגן די איבעריקע דערציילונגען פֿונם זעלבן מין, וואָס זײַנען דאָ אין בוך. „קרענעצעס“ איז ניט קיין שלעכטע דערציילונג, זי לייענט זיך גוט, עס באַכיינט איר דער לירישער, קימאַט-ראָמאַנטישער טאָן, אָבער זי לײַדט פֿון צעצויגנקײַט, די גרונט-פֿאַבולע מיט דער פּויערטע האַנע איז שוואַך פֿאַנאַנדערגעאַרבעט. „באַגיבען“, אויך אַ דערציילונג פֿון בירגערקריג, איז שוין פֿיל שוואַכער, דעם טראָפּ האָט דאָ גילדין געשטעלט אָף איבער-געבן די געשעענישן, אים ווילט זיך אויך מאָלן מענטשן, אָבער ער ווערט פֿאַרפּלייצט פֿון די געשע-ענישן און דעריבער באַקומט זיך ניט קיין דערציילונג, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס שטייט ניט ווײַט פֿון אַ פֿעליעטאָן, עמוואָס ענלעכעס צו ד. רידס שילדערונגען אין „צען טעג“, נאָר מיט ווייניקער פּאַטאָס ווי בײַ רידן.

דאָס זײַנען נאָך ניט דערמאָנט געוואָרן 3 דערציילונגען. צוויי זייערע—„קאַראַהאַר“ און „אַ פֿאַרזאַמלונג“—שילדערן דעם פּויערישן און קוסטאַרן-לעבן. גילדין קען דעמדאָזיקן לעבן ניט גענוג. די שילדערונג און די שפּראַך איז דאָ ניט אָרגאַניש, די העלדן ריידן אָף אַ צײַטונגס-שפּראַך, קיין באַזונדער אָריגינעלן שטריך פֿונם נײַעם שטייגער אין דידאָזיקע אַרבעטנדיקע שיכטן אַנטפּלעקט ניט גילדין, כאָטש ער פּרוווט דאָס טאָן. די אויפֿגאַבע, וואָס גילדין שטעלט זיך איז אַ דאַנקבאַרע: אין „קאַראַהאַר“ וויל גילדין ווײַזן דעם איבערברוך אין די שטייגעריש-רעליגיעזע באַציִונגען פֿונם נײַעם יידישן פּויער, אין „אַ פֿאַרזאַמלונג“—די וואַקלדיקע פּסיכיק פֿון דעם קוסטאַר-האַרעפּאַשניק

אין בײדע דערציילונגען מערקט זיך אָן די לייזונג פֿון דער אויפֿגאַבע, מערקט זיך אָן—און ניט מער. „קאַראַהאַד“ פֿאַרלירט נאָך דערפֿון, וואָס זי פֿאַרמאָגט אַ צווייענדיקע טעמע: אין דער ערשטער העלפֿט ווערט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון לעזער צוגעצויגן צום אַמעריקאַנער דעלעגאַט, עס דאַכט זיך, אַז דאָ איז דער צענטער פֿון דער פֿאַבולע, אָבער די צווייטע העלפֿט טראָגט שוין אַנטשיידן אַריבער דעם שווערפּונקט אין אַן אַנדער פּלאַן. דאָס דעזאָריענטירט דעם לעזער.

באַזונדער שטייט די דערציילונג „פֿיבער“. אין איר ווערן געשילדערט די איבערלעבונגען פֿון אַ פּאַרטייערן־אינטעליגענטקע בײַם אַ פּאַרטיי־רייניקונג. אַ טעמע אַן אַקטועלע. נאָר זי איז געפּערלעך צוציגן און ניט שטענדיק ווערט ריכטיק געשילדערט די איבערלעבונג פֿונם העלד.

* * *

איצט—אַ פּאָר ווערטער אין אַלגעמיין וועגן גילדינס נײַעם בוך.

גילדין גייט צו דער ליטעראַטור דורך באַהערשן איר טעכניק, דורך געפֿינען די סודעס פֿון „מאַכן“ אַ פּראָזע־ווערק. אין דער וועלט־ליטעראַטור זײַנען די דאָזיקע שטריכן פֿון איבערוואָג פֿון טעכניק בוילעט בײַ אַ גרופּע אַמעריקאַנישע און טיילווײַז דײַטשישע שרײַבער. אין די ווערק פֿון סינקלער, למשל, שפּאַרט שטענדיק אַרויס די טעכניק, דער פֿאַבולע־סקעלעט, די פּסיכאָלאָגיע שטייט דאָרט אויפֿן צווייטן פּלאַץ. אין דעמדאָזיקן זשאַנר, דוכט מיר, איז דער הויפּט־סימבאָל—דער פֿאַקט, די געשעעניש, דער שרײַבער זאַמלט דאָ מאַטעריאַל, ער איז ניט זייער מקפּיד אויפֿן מענטשן, ער פֿאַרטיפֿט זיך ניט אין איבערלעבונגען. עס איז דאָ פֿאַקט, עס איז דאָ אידייע—דעמלט איז פֿאַרטיק דאָס ווערק. עפּעס איז דאָ פֿאַראַן פֿון קאַפּיטאַליסטישן טעכניציזם. די זאַכן און די קאָמבינאַציע פֿון זאַכן און מענטשן שטייען אויפֿן ערשטן אָרט. דער סך פֿונם מענטשן—אויפֿן צווייטן.

גילדין גייט, דוכט אונדז, צו אָזאַ זשאַנר ליטעראַטור. עמעס—זײַנע טריט פּלאָנטערן זיך, ער פֿאַרקריכט אָפֿט צו פּסיכאָלאָגיזם, נאָר אויף אַ פֿעסטערן באָדן שטייט ער דאָ. אָבער סײַווי—בײַ אים פֿעלט נאָך לעגאַבע זײַנע „לערער“ די פֿעיקייט צו פֿאַנאַנדערוויקלען און אויסברייטערן די פֿאַבולע, צו געבן ווי געהעריק דעם אַנוווקס פֿון געשעענישן און די רעאַקציע אין פֿינאַל. אים פֿעלט אויך דערווײַל די קענטעניש צו פֿאַרשלייערן זײַנע אייגענע פּלענער פֿונם ווערק, ער קען זיי ניט צודעקן פֿאַרן לעזער. הויבסט אָן לייענען זײַן דערציילונג, פֿילסטו שוין דעם סוף, עס פֿעלט, אויף אַזאַ אויפֿן, דער רייץ פֿון אומבאַוווּסטן. די סכעמע, דער כּוח פֿון שרײַבערישן פּלאַן, קוקט באַלד פֿון אָנהייב אַרויס פֿאַר דעם לעזער. דאָס לעשט דעם אינטערעס, קילט אָפּ דעם לעזער. אָנשטרענגונגען פֿאַר פּסיכאָלאָגישער שילדערונג, האָבן מיר געזען, זײַנען בײַ גילדינען פֿאַראַן, אָבער דאָ איז גילדין ניט בײַ זיך אינדערהיים. די געהיימע פּרוזשינעס פֿונם מענטשנס טאַט, אַנטבלויזן די פּסיכישע פּראָצעסן—דאָס איז גילדינען שווער. ווען גילדין שילדערט, למשל, נאָטעס איבערלעבונגען אין דער דערציילונג „אויף נײַע רעלסן“, מוז ער ד ע ר צ י י ל ן וועגן אַלץ, וואָס ער טוט און קען ניט ב אַ ו וײַ ז ן וואָס דער העלד לעבט איבער, קען ניט אַרויסברענגען די פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע פּראָצעסן.

צוזויגנקייט איז איינער פֿון די הויפּט־כעסרוינעס בײַ גילדינען. קימאַט אין יעדער דערציילונג קען מען אָנווײַזן אויף ערטער—גרויסע שטיקער—,וואָס באַלעסטיקן דאָס ווערק. דאָס הייסט, אַז דער שרײַבער האָט נאָך ניט די מאָס פֿון רייד, אַז ער ווייס נאָך ניט דעם סאָד פֿון קאָרגשאַפֿט. פֿון קאָנדענסירן. איר נעמט די סאַמע ערשטע דערציילונג „קאַראַהאַד“, וועלכע איז אויבן דערמאָנט געוואָרן, זעט איר, אַז די ערשטע העלפֿט איז קימאַט אינגאַנצן איבעריק פֿאַר דער גרונט־טעמע. דאָסזעלבע—אין דער דערציילונג „קוקורוזע“. דעם שרײַבער איז שווער אַנטשיידן צוגיין צו זײַן גרונט־טעמע. דאָס אַנטפּלעקט אַ גיטזיכערקייט אינם שרײַבערס אַרבעט. נעמט, פֿאַרקערט, אַ קלענערע דערציילונג, איז זי געלאָדענער און אײַנדרוקספֿולער. איך ווײַז דאָ אָן אויף דער נאָוועלע „אַ לעוואיע“, וועלכע צייכנט זיך פּאָזיטיוו אויס אין דעם פּראָט.

גילדין קען זיך ניט באַפֿרײַען פֿון ריטאָריק, פֿון הויכע פֿראַזן, מיט וועלכע ער זאַלצט איבער אַלע זײַנע דערציילונגען. זיי זאָגן גאָרניט, זיי טראַסקען נאָר און פֿאַרקלאַפּן דעם קאָפּ, אָבער צום געפֿיל פֿון לעזער קומען זיי ניט צו, ווײַל עס פֿעלט אין זיי די זאַפֿטיקייט פֿונם פּאַשעטן, לעבעדיקן וואָרט. אַסימילירן דעם פֿאָלקלעקסיקאָן און אים אָרגאַניש באַהערשן האָט זיך נאָך גילדינען ניט אײַנגעגעבן. נאָר ער גייט דערצו — דאָס זעט מען אויף זײַנע אָנשטרענגונגען צו אויסנוצן די נײַע שפּראַך פֿון ייִדישן פּויער. דעם גלײַכוואָרט. דעם וויץ, די רייד פֿון אַרבעטער און קוסטאַרעס. דאָס אַלץ זעט אויס בײַ גילדינען מער ווי פֿ אָ ט אָ ג ר אַ פֿ י ע, ווי אַפּליקאַציע פֿונם פֿאָלק־וואָרט, איידער ווי קינסטלעריש־איבערגעקאָכטער און פֿאַרייגנטער מאַטעריאַל. און די שטיקער בײַ גילדינען, וואָס פֿאַרמאָגן די פֿאָלק־און אַרבעטער־שפּראַך, זײַנען גיכער איידעס פֿון עקזערסיסן (איבונגען) צו באַהערשן דעמדאָזיקן מאַטעריאַל, איידער ווי פּרוכט פֿון קינסטלעריש איבערגעקאָכטער שאַפֿונג.

דעריבער איז אין גרונט בײַ אײַך דער אײַנדרוק, אַז גילדין גיט אין זײַן בוך „ברוגעמס“ אַ פֿאַרענדיקטן פּעריאָד פֿון קינסטלערישן צײַטונג־עטיוד און—גלײַכצײַטיק—אַן אָנהאָנג אויף קינסטלערישער נאָוועלע און דערציילונג. דאָס פּאָזיטיווסטע אינם בוך באַשטייט אין דעם, וואָס ער זאָגט איידעס וועגן ערנסטער אַרבעט פֿון שרײַבער אויף זײַן טעכניק, וועגן ערנסטער באַציִונג צו דער טעמע, וועגן טענדענץ צו אַנטפּלעקן פּסיכישע צושטאַנדן. עס איז איבעריק דאָ צו זאָגן, אַז טעמאַטיש איז קימאַט אַלץ פֿונם בוך נייטיק פֿאַר אונדזער ליטעראַטור, אַז דאָ האָט

גילדין אָן גוזמע געשעפט פון די פרישע „ברונעמס״, וואָס אונדזער רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקייט האָט אָפּגעעפנט. אויב גילדין וועט אָנשטעקן מיט זיין טעמאטיק אונדזערע באַגאַבטע שרייבער דורך זיין איצטיק בוך, האָט ער דערמיט שוין אויך אָפּגעטאָן אַ גרויסע אַרבעט, שוין ניט ריידנדיק וועגן אינטערעס פונם לעזער צו דערדאָזיקער פּרישער און אַקטועלער טעמע, וואָס ווערט דורך אים אויסגעזוכט אין באַאַרבעט.

שיפּרעס.

# כראָניק.

## קולטור

— דעם 13 יוני איז געוואָרן 5 יאָר זינט עס אַרבעט דער צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פסס״ר באַם פרעזידיום פון אַלפאַרבאַנדישן צ.א.ק.

פאַר די פאַרגאַנגענע פינף יאָר האָט דער צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג אַרויסגעלאָזט 27.525 ביכער אַף 52 שפראַכן פון די פעלקער פונם ראַטנפאַרבאַנד אין אַ צאָל פון העכער 11,6 מיליאָן עקז. דער צענטר-פאַרלאַג לאָזט אַרויס ליטעראַטור אַף די שפראַכן פון אַסאַך נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן באַקומען זייער אַלעפבייז און די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייער קולטור ערשט נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. אין פראָצעס פון זיין אַרבעט איז דעם צענטרפאַרלאַג אָפּט אויסגעקומען צו שאַפן דרוק-שריפט אַף אייניקע שפראַכן, וואָס האָבן פריער קיין שריפט גאָרניט געהאַט, און אויך די לאַטייניש שריפט פאַרן נייטיורקישן אַלעפבייז. אַחוץ ליטעראַטור געזעלשאַפטלעך-פאָליטישע, פאָפולער-וויסנשאַפטלעכע, קינסטלערישע און לערנביכער גיט אַרויס דער צענטרפאַרלאַג 20 צייטונגען און זשורנאַלן אַף 12 שפראַכן.

דער צענטרפאַרלאַג האָט צוויי אָפּטיילונגען: אין מאָסקווע און אין כאַרקאָוו. ביידע אָפּטיילונגען פאַרמאָגן גרויסע יידישע סעקציעס. צום נייעם יאָר ווערט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון צענטרפאַרלאַג אויך אין מינסק.

— דעם 16 יוני האָט זיך אין כאַרקאָוו געעפנט די ערשטע אַלוקראַיִנישע אַרבקאָרן-באַראַטונג. דער טאָגאָרדענונג איז געווען פאָלגנדיקער: 1. די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דער סאָוועטישער פרעסע. 2. דער סאָציאַליסטישער געוועט און די דערציִונג פון די מאַסן. 3. די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דער אָנפירונג מיט דער אַרבדאָרפקאָרישער באַוועגונג אין אוקראַינע.

— אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע אין באַשטאַנד פון די אַקאַדעמיקער יאָפע, קרילאָוו, בעלאָפאָלסקי, לאַזאַרעוו, מאַנדלשטאַם, קאָנאָוואַלאָוו, אָלדענבורג און גלאַיענאָפּ האָט באַטראַכט די מאַטעריאַלן פון דער פעלקער-ליגע וועגן דער רעפאָרם פונם קאַלענדאַר. די קאָמיסיע איז געקומען צום אויספיר, אַז די דאָזיקע מאַטעריאַלן זיינען ניט גענוג צוגעגרייט סיי אין וויסנשאַפטלעכן פראַט (לויט דער עקאָנאָמישער ליניע), סיי אין פראַט פון אַ פריערדיקער פרינציפּיעלער פאַרשטענדיקונג פונם פראָיעקט צווישן באַזונדערע לענדער.

אין איר באַשלוס שטרייכט אונטער די קאָמיסיע, אַז צו דער אידייע פון דער רעפאָרמע באַציט זי זיך אין פרינציפּ פּאָזיטיוו, זי רעכנט אָבער, אַז צום רעאַליזירן פונם דאָזיקן פראָיעקט איז נאָך ווייט, ווייל דערין שטערן בא איצטיקער צייט די קירכלעכע און אַנדערע אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

— אין זיצונג-זאַל פון דער ווייסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע, אונטערן פאָרזיץ פון אַקאַדעמיע-פרעזידענט כ׳ איגנאַטאָווסקי, איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון אַקאַדעמישן סאָוועט, ווו ס׳זיינען בייגעווען די אַקאַדעמיקער און אַספּיראַנטן פון דער אַקאַדעמיע.

אַף דער זיצונג האָט מען אויסגעקליבן 2 נייע אַקאַדעמיקער-פּראָפעסאָרן װ א ס י ל ק אָ װ און ש ק אָ ט ע ל א װ. ביידע פראָפעסאָרן אַרבעטן אין האָרקער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַקאַדעמיע.

אַף דערזעלבער זיצונג זיינען אויך פאָרגעקימען וואַלן פון 2 מיטגלידער-קאָרעספּאָנדענטן.

ס׳זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די פּראָפעסאָרן ל א ז א ווי און ר י ב נ י ק אָ װ.

— דער פאָלקאָמבילד עפנט האַיאָר אין אָדעס אַלוקראַיִנישע איבערגרייטונג-קורסן פאַר יידישע פּאָליט-אויפקלער-טוער.

איבערגרייטונג-קורסן פאַר לערער וועלן געעפנט ווערן האַיאָר אין קיעוו.

— דער יידסעקטאָר באַם „אינאָ״ (אָדעס) ווערט רעאָרגאַניזירט. די עקזיסטירנדיקע ביז איצט אָפּטיילונג באַקומט אַ קלאָרע אויסדריקלעכע איינשטעלונג פון פראָפאַבר מיט 3 פאַקולטעטן: סאָצ. עקאָנאָמישער, טעכניש-מאַטעמאַטישער און ביאָלאָגישער.

דער יידפעדטעכניקום ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאַכוויטעט פון קאָמפּלעקסניקעס באַם „אינאָ״. כּוצדעם איז אָנגעמערקט עפענען אַ פאַרטיי-שול אַף צוגרייטן טוער פאַר קינדער, שפּיל-פּלעצער א. א. וו. דאָס וועט זיין דער אייגציקער יידישער הויכשול-אַנשטאַלט פאַר פאַרשול-אַרבעט.

אין די אַלע אָפּטײלונגען דאַרפֿן אָנגענומען װערן אַ גרױסע צאָל סטודענטן—איבער 200 מאַן. אין אײניקע אָפּטײלונגען װעלן װערן אָנגענומען אַזעלכע, װעלכע האָבן געענדיקט אַ 7-יאָריקע שול.

-- פֿון נײַעם לערניאָר װעלן, לױט דער באַשטימונג פֿון פֿאָלקאָמבילד, אָרגאַניזירט װערן מוזיק-שולן אין אַלע קרײַזן פֿון װײַסרוסלאַנד.

די שולן װעלן זיך געפֿינען אָפּן אָרטיקן ביודזשעט.

# ליטעראַטור

דער פֿאַרלאַג „עמעס" (מאָסקװע) טרעט צו אַרױסצוגעבן אַ גרױסע „ראָמאַן-ביבליאָטעק" פֿון די בעסטע אָריגינעלע און איבערגעזעצטע ראָמאַנען און דערצײלונגען. יעדער ראָמאַן װעט זײַן אַ באַזונדער בוך פֿון 10—12 דרוקבױגן. פּרײַז פֿון יעדן בוך 25 קאָפּ. עס גרײטן זיך צום דרוק די ערשטע װערק פֿון דער ראָמאַן-ביבליאָטעק, צװישן זײ:

1. אַנאַ קאַראַװאַיעװאַ—„דער װאַלד-זאַװאָד".

2. ברונאָ יאַסענסקי—„איך צינד פּאַריזש".

3. בעלאַ אילייעש—„טיסע ברענט".

4. ע. מ רעמאַרק—„קײן שום נײַס אָפּן מערעװ-פֿראָנט" און אַנד.

— אין מאָסקװע האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ליטעראַרישע כאַװערשאַפֿט אונטערן נאָמען „דער קלוב פֿון די טשודאַקעס". אַהין זײַנען אַרײַן: א. אָלעשאַ, מ. קאָלצאָװ, װ. קאַטאַיעװ. א. זאָריטש, אי. אילף, יעװג. פּעטראָװ. יע. זאַזוליאַ, מ. סװעטלאָװ. באָריס לעװין, טור און אַנד. אָנהױב האַרבסט דערשײַנט דער ערשטער אַלמאַנאַך—„דער קלוב פֿון די טשודאַקעס".

— באַ די אוקראַינער װיסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע װעט זיך הײַנטיקס יאָר עפֿענען אַ קאַטעדרע פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור. אַלס אָנפֿירערס מיט דער קאַטעדרע רופֿט מען אַרױס דעם אוקראַינישן דיכטער טיטשינאַ און דעם װײַסרוסישן דיכטער יאַנקאַ קופּאַלאַ.

—אין פֿאַרלאַג „עמעס" זײַנען דערשינען פֿאָלגנדיקע ביכער: 1) דאָװיד עדלשטאַט—לידער, מיט אַ פֿאָרעדע פֿון ש. (ס) אַגורסקי. 2) יורל יאָפֿע—אין קעסלגרוב. דערצײלונגען. 3) יעהודיס (ראָכל בערנשטײן)—אָף צװײ שטאָקן (פּיעסע).

— אין אָקטיאַבער קומען װערט 10 יאָר זינט עס איז געשטאָרבן דער ייִדישער רעװאָלוציאָנערער דיכטער אָשער שװאַרצמאַן. דער פּרעזידיום פֿון אוקראַינישן „געזקולט" האָט אָף דער לעצטער זיצונג אָנגעמערקט אַ פּלאַן, װי אַזױ צו באַצײכענען דעם יאָרצײַט. אין אַלע קולטור-אַנשטאַלטן װעלן צו דער צײַט פֿאָרקומען אָװנטן, געװידמעט דעם יאָרצײַט. אין רעד-ראַט פֿון ביבליאָטעק „ייִדישע שרײַבער" װעט געשטעלט װערן די פֿראַגע װעגן אַרױסגעבן אַ ספּעציעלן זאַמלבוך, געװידמעט דעם יאָרצײַט, שװאַרצמאַנס ביאָגראַפֿיע און זײַן בילד.

דער פּרעזידיום האָט אױך געפֿונען פֿאַר נײטיק. אַז אײניקע שװאַרצמאַנס לידער זאָל מען איבערזעצן אָף אוקראַיניש.

# טעאַטער און קונסט

— אין צוזאַמענהאַנג מיטן 10-יאָריקן יובילײ פֿון לעגינגראַדער דראַמאַטישן טעאַטער האָט דער פֿאָלקאָמראַט פֿון רספּסר באַשאָנקען די אַקטיאָרן סאַפֿראָנאָװ און קאָמאַראָװסקע מיטן טיטל „פֿאַרדינסטפֿולע אַרטיסטן".

— דער ייִדישער װײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער האָט אין לױפֿנדיקן יאָר געשטעלט 122 ספּעקטאַקלען, װאָס האָבן צוגעצױגן אין װיטעבסק 23 טױזנט צושױער, אין האָמעל 43 טױזנט און אין באָברױסק 10 טױזנט. בעסאַכאַקל זײַנען באַדינט געװאָרן 80 טױזנט מענטשן.

הײַאָריקן סעזאָן אין מינסק רעכנט מען אָנהײבן מיט דער שטעלונג „מאַשינען-געראַנגל", פֿון צ. דאָלגאָפּאָלסקי. װי עס װײַזט אױס, װעט זיך דער סעזאָן אָנהײבן דעם 1-טן אָקטיאַבער.

גלײַכצײַטיק קומט פֿאָר אין צ[illegible] צװײ נײַע פּיעסן: „דער סטעפּ ברענט" פֿון אַ װעװיאָרקע פֿון לעבן פֿון דער ייִדישער ערד-אײַנאָרדענונג, און „אַמעריקע", פֿון ש. גאָדינער, אַ פּיעסע װעגן אימפּעריאַליזם.

— ערװין פּיסקאַטאָר עפֿנט זײַן װינטער-סעזאָן אין בערלין מיט דער פּיעסע „דער בערלינער סױכער" פֿון װאַלטער מערינג. די הױפּטראָלע אין דער פּיעסע איז אײַנגעלאַדן געװאָרן צו שפּילן דעם פֿאַרדינסטפֿולן אַרטיסט פֿון „אָסקװער ייִדישן מעלוכע-טעאַטער—מיכאָעלסן. דער „הױפּטקונסט" האָט דערלױבט מיכאָעלסן אַרױספֿאָרן צײַטװײַליק אין בערלין, פֿונם 1-טן אױגוסט ביזן 1-טן דעקאַבער.

קײן מאַנוסקריפּטן װערן פֿון רעדאַקציע ניט אומגעקערט.

די רעדאַקציע לאָזט זיך איבער דאָס רעכט פֿאַריכטן אָדער פֿאַרקירצן דעם קסאָװיאַד, װי זי געפֿינט עס פֿאַר נײטיק.

רעדקאָלעגיע: ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, א. אָשעראָװיטש, כ. דונעץ, א. װאָלאָברינסקי, א. כאַריק.

מינסק, דרוקערײַ פֿון װײַסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. באַשט. 3150 גלאַװליטבעל 1933. טיראַזש 2000.

# ЗОРКА

Літаратурна-мастацкі
і політычна-навуковы
часопіс



Цэна 60 к.



ВЫДАНЬНЕ
„АКЦЯБР"
Менск, Ленінская вул., 22